a Jacobo.
Este libro no lo dejará olvidar
a esta hermosa ciudad de
Buenos Aires.
Con todo aprecio y cariño -
de Becar
13. 12. 1948

# דערציילונגען פון פעלד

מרדכי אלפּערסאָן

# דערציילונגען פון פעלד



בוענאָס איירעס 1943

# אינהאַלט

# הקדמה

טבע זיו תארה יה חקקו בבס יקרה.
(פיוט).

די נאטור מיט איר שיינער פּרעכטיקער קראַפט,
האָט גאָט פאר זיין קרוינשטול געמאכט.

די גאָטהייט, די נאטור פארלאנגט, צווינגט יעדע באַשעפעניש איבערצולאָזן א שפור, א סימן פון זיך אויף דער וועלט. דאָס איז דער סוד פון דער יצירה, פון דער גאנצער בריאה פונעם קיום און וועלטלעכן באַשאַף.

„פרו ורבו!" פּרוכפּערט אייך און מערט אייך, דאָס איז אריינגעגעבן געוואָרן אינעם בלוט פון יעדן לעבעדיקן באַשעפעניש און וואָס אומבאוואוסטזיניקערהייד מוז ער אויספאָלגן דאָס נאטירלעכע געזעץ.

די חיה-מענטש, קריכנדיק טויזנטער און אפשר מיליאָנען יאָרן אויף אלע פיר, צוגלייך מיט אלע פיר-פיסיקע ברואים, האָט דורך א סיבה, וואָס איז אונדז אומבאקאנט, אָנגעהויבן גיין אויף צוויי פיס און די אנדערע צוויי — אלס הענט אָנגעהויבן נוצן. האָט אָנגעהויבן טראכטן און בכדי ניט צו פארגעסן, וואָס ער האָט פארטראכט, האָט ער זיך סימנים געמאכט לויטן געשטאלט פון די חיות און עופות, וואָס ארום אים. דאָס איז די היעראגליפן-שפראך, וואָס איז אונדז פארבליבן פון יענער עפּאָכע.

אזוי האָט זיך די חיה-מענטש שטופנווייז אנטוויקלט

מיט כתב, מיט שפּראַך, וואָס קיין שום מין פון די איבעריקע יצורים פאַרמאָגן דאָס נישט.

א קליינער טייל פון דער מענטשהייט, ביי וועמען דאָס דענקען איז עטוואָס מער אנטוויקלט, האָבן דערשפּירט דעם חוב איבערצולאָזן נאָך זיך א טייל פון זייער גייסטיקן רכוש. פאַרצייכענען, פאַרשרייבן, וואָס זיי האָבן געזען, פאַרטראַכט, דערלערנט אין זייער קורצן דאַ־זיין.

זיי זאָגן, אז דער געטלעכער כוח היצירה, וואָס שלאָגט דאָס גרעזל איבערן קאָפּ: וואַקס! די זעלבע קראַפט באַפעלט אויך דעם שרייבער — שרייב!

פון מיין פריסטער יוגנט, ווען איך בין אלט געווען צוועלף יאָר, ביז היינטיקן טאָג, פאָלג איך אויס דעם דאָזיקן באַפעל.

א קליינעם טייל פון מיין שאַפן, האָט איר דאָ פאַר זיך אין דעם בוך.

וועט עס אייך געפעלן?

הלואי יאָ!

מרדכי אַלפּערסאָן.

# אלמא בוענא
## (גוטע נשמה)

דער מאָרגן איז נאָך פון יענער זייט טיר געשטאנען און געשוויגן. אַלץ אין פעלד איז נאָך שטיל געלעגן און גערוט. דער „פּאַמפּעראָ" וואָס האָט נעכטן א גאנצן טאָג וועלטן געקערט, איז זיך נאָך האלבע נאכט אין זיין נאָרע פארקראָכן און אפּנים אויך א דרימל געכאפּט. א וואונדערלע־כע שיינע שטילקייט האָט זיך איבער דער פּאמפּאַ צעשפּרייט. קיין שאָרך אין פעלד האָט זיך נישט געהערט, קיין בלעטל אויף א בוים האָט זיך נישט באוועגט, קוים, קוים, וואָס מ'האָט געקאָנט הערן אַ פייגעלע אין נעסטל אונטער דער מוטערס פליגעלעך פּישטשען און אפשר אויך דאָס שטילע שארען זיך פון די גרויסע בלישטשענדע דיאמאנטן שטערן, וואָס נעמען זיך רוקן אין די זייטן, לעשן זיך איינס נאָך איינס און מאַכן פריי דעם וועג פאַרן באַגינען, וואָס האָט ליכטיק זיך צעשמייכלט דאָרט אין עק האָרי־זאָנט. באלד האָט זיך דער מזרח צעצונדן און די גרוילעכע טוי־טראָפּנס אויף די תבואה קעפּלעך האָבן געגומען שאטירן אויף גאָלד.

אַ רייטער מיט אַן אראָפּגערוקטער טשאמבערגא איבער די אויגן, אַ שיינער אויסגעבעטער זאָטל אויף א שטארקן „סעברונא"־פערד פירנדיק ביי דער זייט א צווייטן פערד, א „סיינא", איז מיט אַ זייטן סולעפּקע פון צווישן די תבואות ארויסגעקומען אויפן זאמדיקן שליאך. איינגעטונקען אין א ווייסער שוים זיינען די פערד געווען, און אַ שווערע מידקייט איז אויך אויפן פּנים פון רייטער געלעגן, קענטיק, אז זיי האָבן א לאנגע שטרעקע דורכגעמאַכט די נאַכט.

אויף די סטרעמינעס פונעם זאָטל האָט זיך דער רייטער אויפגע־שטעלט, געוואָרפן די בליקן ארום און ארום — וואו בין איך? טפוי זאָל עס ווערן! שיעור זיך נישט פארלוירן. אַ לייכטער שמייכל האָט זיינע דינע ליפּן צעעפנט און זיינע בלויע אויגן האָבן זיך אינעם מזרח איינגעגעסן און הויך אויפן קול אַ זאָג געטאָן פריילעך: ליכטיקער טאָג! יאָ, אָט דאָרט איז עס! אַריינזעצנדיק זיך צוריק אין זאָטל, האָט ער האסטיק אַ צי געטאָן די צוים ביים סעברונא און זיך פארנומען לינקס, גלייך צום סטאַציאָן „ב."

די דריי צענדליק ראַנטשאָס, וואָס ליגן צעשפּרייט ווי די פליגל פון אַ פלאַמענקע אין ביידע זייטן פונעם עסטאַציאָן „ב." די בליענדע פרוכט־בוימער, די בלומען־גערטנדלעך איינגעטונקען אין פארביקן צווייט, וואָס האָבן זיך געבאָדן אינעם מאָרגנטוי, האָבן ווי געשוואומען דעם רייטער אַקעגן די אויגן. און וואָס נאָענטער ער איז צום שטעטל צוגעקומען אַלץ פריילעכער איז זיין פּנים געוואָרן און כמעט אומבאַוואוסטזיניק האָבן זיינע ליפּן אליין אַ פריילעך גאוטש לידל אויסגעפייפט. דער סעברונא האָט אויך דאָס שטעטל דערשמעקט, האָט אויפגעשטעלט די אויערן, צע־עפנט די נאָזלעכער, זיך פריילעך אויסגעהירזשעט, און אויס געוואוינהייט אפנים, זיך פארקירעוועט צום ראַנטשאָ פון פעליפּע סאַנטשעס.

דער מאכנאַטער הונט, וואָס האָט אויף די פאָדערשטע לאַפּעס גע־דרימלט ביים ראַנטשאָ, איז אַנטקעגן די פערד אויפגעשפּרונגען מיט אַ הייזעריקער בילעריי און נישט געלאָזט אַ טריט טאָן ווייטער. דער אַלטער פעליפּע, וואָס האָט אין „פּאַטיאָ" שטעקעלעך צום מאכן פייער געבראָכן, האָט זיינע גרויסע אויגן אויפגעהויבן, אַ קוק געגעבן צום רייטער און אָנגעשריגן אויפן הונט: „קאַזשאַטע בארבא!". אָ, דו, דאָן סאַמועל, אזוי פרי, פון וואנען? קום אראָפּ וועלן מיר טרינקען אַ מאטע! זע נאָר בארבא האָט דיך נישט דערקענט...

— גראַסיאַס, סעניאָר! איך בין אַביסל אַפּוראַדאָ, איך וועל שפּע־טער צוקומען, גריס פון מיינעטוועגן אנכעליטאַן, אסטא לועגאָ! און ער איז ווייטער אין שטעטל אַריינגעריטן.

אַ שווארץ־הנ'עוודיק שיקסל, האַלב נאַקעט, מיט צוויי שווארצע פייער־

אוינן איז פונעם שטוב אַרויס: טאַטאַ! ווער איז דאָ געווען, ווער האָט מיך דאָ געגריסט? ניט אַלמאַ בוענאַ?

— סי, סי, סי, איכאַ מיאַ! דאָן סאַמועל איז געווען, ער וועט באַלד צוריקקומען. דאָס שיקסל האָט אַ טאַנץ געטאָן: קע ביען, קע ביען! זי האָט זיך אַרויסגעבויגן איבערן פּלויט, נאָכגעשריגן דעם רייטער, וואָס זי האָט אים קוים אָנגעזען: אַדיאָס, אַלמאַ בוענאַ! טע עספּעראָ אַלמאַ בוענאַ, און איז טאַנצנדיק צוריק אַריין אין שטוב.

ביי אַ קליין שטיבל, דריי ווענט פון ליים, און די פּאָדערשטע פון ציגל, וואו ס'איז מיט שוואַרץ קויל אָנגעשריבן „מערקאַדאָ רוסאָ" איז אונדזער רייטער שטיין געבליבן, האָט זיך פונעם פערד אַראָפּ אָנגעבויגן, אָפּגעבונדן דעם סיינאַ, און צום סלופּעקל, וואָס פאַרן שטיבל איז צוגע־בונדן, איז צוגעפאָרן צום פענסטערל, מיטן שטילכן, פון רעווענקע אָנגע־קלאַפּט: — אַ פּערה, ר' זיינוול! אַ סיינאַ, איר קענט אים שפּאַנען און ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער אויסגעדרייט דעם סעברונאַ, איבער־געקרייצט די רעלסן פון דער באַן, איז אַריין אין דער צווייטער העלפט פון שטעטל און זיך אָפּגעשטעלט נעבן דער באָליטשע פון דאָן פּעדראָ און אָנ־געקלאַפּט אין טיר:

— אַברי לאַ פּוערטאַ, אַמיגאָ!

— קיען עס? האָט זיך אַ פאַרשלאָפן קול געהערט. אַ פענסטערל האָט זיך געעפנט און דער שענקער האָט אַרויסגעבויגן דעם קאָפּ.

— אָ, דו ביזט עס, שמואליק? ען סעגידאָ עפן איך דיר אויף.

— בערטאַ, שרייט פריילעך דער שענקער צום ווייב — אונדזער שמואל איז דאָ!

אַ שאַרפער ריח פון אַלקאָהאָל און טאַבאַק האָט זיך אַ ריס געטאָן דורך דער אָפענער טיר, אַז דער רייטער האָט געמוזט מיטן עק פון דער פּאָנטשאַ, זיך פאַרשטעלן די נאָז.

— — אך, וואָס פאַר אַ שמוץ ס'טוט זיך דאָ! האָסט אפנים געהאַט אַ גרויסע מחיה נעכטן, פּיני? זע נאָר, אפילו אַ טריט צו טאָן איז נישטאָ וואו, אָט דאָס הייסט אָנגעשפּיגן, אָנגעבראַקעט.

דער שענקער פּיני, אָדער ווי די גאַוטשאָס רופן אים: דאָן פּעדראָ,

אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 35 מיט זייער אַ סימפּאַטישן פּנים און קלוגע אויגן, האָט אַ שמייכל געטאָן:

— מ׳ווערט איינגעוואוינט מיט זיי, אמיגאָ, ס׳איז פּרנסה...

— יאָ, האָסט רעכט, מ׳ווערט איינגעוואוינט, בפרט, אַז ס׳איז אַן אייגנס... אַ ירושה...

דער שענקער, וואָס האָט געהאַלטן אין אָנטאָן דאָס רעקל, איז מיט איין אַרבל אַן אָנגעטוענעם און דעם צווייטן, אַ ליידיקן, שטיין געבליבן און האָט אים אָנגעקוקט:

— וואָס פאַרא ירושה, וואָס פאַר אַן אייגנס, שמואליק? ביזטו צו מאָל אויך נישט שיכור פונעם נעכטיקן 12־טן דע אָקטובער? אַ וואו האָסטו נעכטן פאַרבראַכט דעם יום־טוב? דו זעסט אויס אַזוי מיד...

— איך שיכור? דערווייל נאָך נישט. נאָר גיב מיר אַ גלעזל, ווייל איך בין דורכגענומען פון דער קילער נאַכט.

— וואָס געבן דיר, אַן אָטשאָ הערמאַנאָס?

— ניין, אַ שטאַרקס גיב, אַ פּשוטע קאַניע, ווייל ס׳איבלט מיך דער שמוץ דיינער.

דער שענקער האָט פאַרביסן אַ ליפּ, האָט אָנגעגאָסן אַ קאַניע, אוועקגעשטעלט אויפן מאָסטראַדאָר, און זיך גענומען אויפרוימען אין שענק.

די ליכטיקע זון, וואָס איז אַרויסגעקומען אין מזרח, האָט אַ פּאָר פון אירע גאָלד־שטראַלן דורך דער אָפענער טיר אין שענק אַריין אויך געשיקט און מיט גאָלד באַשאָטן דעם אָנגעבראַקעטן נאַסן פּאָל. די ליידיקע פּלעשער, צעבראָכענע גלעזער, שטיקלעך קאָלבאַס, כאַמאָן, סאַרדינעס, די שיריים און שמוץ, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, האָט דער באַליטשעראָ מיטן בעזים געקערט, גערוימט. שמואל האָט געטרונקען, פאַרווי־כערט, און אַלע ווײַלע געביטן דאָס פּלאַץ, אַ וואו דער קערער מיטן בעזים האָט דערגרייכט. ער האָט געענדיקט רוימען, אוועקגעשטעלט דעם בעזים, איז ער צו צו שמואלן, אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף די אַקסלען און קוקנדיק מיט ליבע אים אין די אויגן, אַ זאָג געטאָן:

— איצט מפונק מיינער איז דיר שוין בעסער? אויסגערוימט דעם איבל.

— ס'הויבט זיך אפילו נישט אָן! דער איבל איז ירושה, אים רייניקט מען אזוי גיך נישט אויס...

— וואָס פאר אַ ירושה איז דיר עפּעס היינט אריין אין קאָפּ, אמיגאָ? שוין דאָס צווייטע מאָל, אַז דו וואַרפסט מיר צו דאָס וואָרט.

— אין קאָפּ זאָגסטו? די ירושה איז נישט אין קאָפּ, זי איז אין בלוט... דאָס איז אונדזער גלות ירושה — אַ שענקל, אַ קרעמל...

דער שטאַרקער קערפּער פונעם באָליטשעראָ האָט אַ ציטער געטאָן.

— אָ, דאָס מיינסטו? נו, ווייסטו דאָך, ווער ס'האָט מיך דערצו געבראַכט? פאַרשאָלטן זאָלן זיי ווערן, וואָס זיי האָבן פון אונדז געמאַכט...

— פון אונדז? נעמסט מיך אויך אריין אין קאָן?

— יאָ, יאָ, פון אונדז און אַז דו ביזט געוואָרן אַ גאַוטש, מאַנסירסט פּאַטראַס, טרייבסט סקאָט, אַרבעטסט אַלס פּעאָן אין פעלד, און לייזער איז גאָר אַ פּשוטער בוזשירער? פאַרשאָלטן זאָלן זיי ווערן, די קאָלאָניזאַטאָרן, מיט זייער טפּשות, מיט זייער אכזריות. פאַרוואָס האָבן זיי אונדז רעטשאַסירט? וואו האָבן זיי אַ בעסערן עלעמענט, ווי קאָלאָניסטישע קינדער פאַר דער קאָלאָניזאַציע.

אַ פּריילעכער „בוענאָס דיאָס" האָט איבערגעשלאָגן דעם שמועס.

אין טיר פון באָליטשע איז געבליבן שטיין אַ גרויער מענטש מיט אַ רויטער צורה, האַלטנדיק אונטערן אָרעם אַ פּעלענע פלאַש „באָטאַ" און אַ פול מויל מיט קיי־טאַבאַק, וואָס האָט טאַקע באַלד אַ פלוך געטאָן אויסשפייענדיק אַ שוואַרצע מאַסע פאַר זיך.

— בוענאָס דיאַס, דאָן סאַלאַרי, האָט פּיני געענטפערט.

— כי, כי, כי, האָט דער רויטער איטאַליענער ווידער אַמאָל אויסגעפּלוכעט: „ּישא סאַווע דאָן פּעדראָ לאַ קאָסטומברע"... פּיני האָט אַ שמייכל געטאָן, האָט גענומען די צינקענע האַלבע ליטרע, אָנגעגאָסן זי פול מיט רויטן ווייַן און אים דערלאַנגט.

דער אַלטער האָט צוגעטראָגן די כלי מיט ווייַן צו די ליפּן, האָט פאַרמאַכט די אויגן, און מיט פיל כונה גענומען זופּן פּאַמעלעך, ביסלעכווייז,

ביז ער האָט דערגרייכט דעם דנאָ. ער האָט אוועקגעשטעלט די בלעך, ארויס־גענומען דעם בייטל קיי־טאבאק, אָנגעשיט זיך א זשמעניע אויפן רויטן צונג, און א זאָג געטאָן צו פיניען: „אאָרא דאָן פעדראָ זשענאמי לאַ וויע־כא" און האָט אויסגעשטרעקט די פעלענע פלאַש צום אָנגיסן. אָפּגע־פּארטיקט זיך, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און זיך ארומגעקוקט אין שענק. ער האָט דערזען שמואלן און איז גאָר פריילעך געוואָרן.

— קאָמאָ לע וואַ, מאָסאָ? קע טיעמפּאָ! טרינק עפּעס! — דאָן פעדראָ, דערלאַנג נאָר אַ קאניאַק! כי, כי, כי! און דער אַלטער נעמט זיך שיטן. דערציילן עפּיזאָדן פון זיין לעבן: איך בין 68 יאָר אלט, איך ארבעט אלע מיינע יאָרן אין פעלד איך האָב — זאָגט ער צו שמואלן, דיין „פינאדרא" פאפא געלערנט זשוגיוועז די אָקסן, אקערן מיט איין לעמעשנע פליגל. די אַדמיניסטראַציע האָט מיר גוט געצאָלט, כי, כי כי! איך האָב נאָך דאַן געזאָגט דעם פּאריזער דירעקטאָר, אז ס'וועט פון זיין קאָלאָניזאציע גאָרניט ווערן, די עמיגראַנטן וועלן נישט ארבעטן די ערד. אַ קלייטל, אַ שענקל, דאָס יאָ, אָבער די טראַבאַכאָ רודא, די אגריקולטור, קע עספּעראנסאַ!

כי, כי, כי! לאַכט דער אַלטער גוי און דאָס בלוט אין פּנים ביי שמואלן און ביי פינין שלאָגט ארויף אויף דערשטיקט צו ווערן. דאָן סאָ־לארי, באַמערקט דאָס גאָרנישט, ער נעמט זיך זיין „וויעכא" אונטערן אָרעם, טוליעט זי צו צום הארצן, ווי דער אַלטער יידע דעם טלית און תפילין, זאָגט: „האַסטא לועגאָ" און גייט זיך זיין וועג.

די צוויי חברים זיינען אזוי געשטאַנען ווי דערשמעליעט פונעם גויס רייד, דאָס בלוט אין פּנים האָט זיי ביידע מיט שאַנדע אָפּגעוואַשן, אַז זיי זיינען געוואָרן ווייס, ווי קרייד...

אין דער פּאָזע האָט זיי בערטאַ געטראָפן. זי איז אריינגעקומען אַ פריילעכע, מיט אַן ארויפגעקעמטע מעלענע, שיין צוגעפּודערט, טראָגנ־דיק אין האַנט אַ זילבערן מאַטע טעפּעלע, מכבד צו זיין דעם גאַסט.

— זע נאָר, וואָס איז דאָס? וואָס איז געשען פאַר אַ נייס? וואָס זיינט איר ביידע אזוי נידערשלאָגן, אזוי בלייך? — עפּעס א ביטערע בשורה, מאַ־מע טייערע? און זי פּלאַצט אויס אין אַ געוויין.

ס׳האט געגומען א שטיק צייט, ביז זיי האבן דאס ווייבל באַרואיקט. ס׳איז גאַרנישט, מיין טייערע, שוואַרט זיך פיני, מיר האבן מיטן אַלטן סאַלאַרי, אמאַליקע זכרונות אויפגעמישט...

— נו, דאַרף מען פון שיכורים׳ס רייד אַזוי צערודערט ווערן? קוק נאָר אָן שמואל, ווי דו זעסט אוים! אזוי מיד, אזוי בלייך...

— איך בין בלייך, בערטאַ? טאַקע אין אמתן בלייך? ער נעמט אַ־רוים א קליין שפּיגעלע פון קאמזויל קעשענקעלע און קוקט אריין.

— ווייס איך וואָס דיר דאַכט זיך שוועסטער, איך בין אביסל מיד, א גאַנצע נאַכט גאַלאַפּירט.

— א גאנצע נאַכט, נעבעך... וואוהין האָסטו גאלאַפּירט? א ניי גליק, אַ? ווער איז זי, די גליקלעכע? יאָ, ברודער, דו וואָלסט שוין געמעגט אויפ־הערן מיט די גליקן, מיט דיינע טשיניטאַס... זוך דיר אוים א מיידל און האָב חתונה און פּטור...

— חתונה האבן שוועסטער? און עפּענען א שענקל מיט א צירול־ניע צוזאמען, ווי פיני?

— נו, און זיך אומשלאָיען אלס פעאָן אויף פרעמדע פעלדער איז שענער?

— אזוי אַרבעט איך פּאַרט ביי דער מאַמע, ביי דער מוטער ערד....

אַ קנאַל פון אַ בייטש האָט אָפּגעהילכט פאַר דער טיר, אַז אַלע מענ־טשן, וואָס זיינען געווען אין שענק, האבן זיך אַ דריי געטאָן... אַ וואָגן געשפּאַנט צו 12 קליינינקע דאַרע פאַמפּאַ פערדלעך האָט זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן שענק. דער וואָגן איז געווען געלאָדן מיט שטיקער רויטע קע־בראַטשע האָלץ אויף א פּאָר מעטער די הויך. א קליין שייגעצל מיט אַ קוצע הינטעלע האבן זיך ביידע גלייך, ווי אַראָפּגעקאַטשעט פונעם וואָגן, און זיי־נען ביידע אַריין אין שענק.

— טשע, באַליטשערא! שרייט אוים דאָס ברודיקע שייגעצל: „דע דיעז דע זשערבא, אי דע דיעז דע אסוקאר“. אויסגעשריען די קניה, וואָס דער טאַטע האָט אים געהייסן מאַכן, נעמט ער זיך אַרומקוקן אין שענק, עפנט ברייט זיינע רויטע, דערשראָקענע אויגעלעך, בייט א פּיסל איבער א פּיסל, הויבט אויף פון דער ערד די „פּוטשאָס“, שטיקלעך ציגאַרן און באַ־

האַלט אין די לעבער פון די צעריסענע הויזלעך. פלוצים גיט ער א קוויטש אַרוים מיט אַ שמחה: על סעניאָר, על סעניאָר! און טאַנצט צו צו שמואלן, קוקט אים גוט אָן, סי, סי! על סעניאָר און לויפט אַרוים אין דרויסן קוויטשענדיק:

— טאַטאַ! עסטאַ על סעניאָר! עסטאַ על סעניאָר!

דער פאָטער, אַ פאַרוואַקסענער אָפּגעריסענער גאַוטש מיט אַ שוואַרצער פאַרלאָזטער באָרד, וואָס האָט זיך געפּאָרעט ביי די פערד, האָט תחילת גאָרנישט געהערט, וואָס דער קליינער שרייט. נאָר ווען דאָס שייגעצל האָט אים אַ צופּ געטאָן ביי די אָפּגעשיילטע תחתונים: טאַטאַ, עסטאַ על סעניאָר „אַלמאַ בוענאַ"! האָט דער שוואַרצער זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אַ דאָנדע, אַ דאָנדע, קאַרליטאָ?

— אַזשאַ, אַזשאַ! ווייזט דער קליינער מיטן הענטל, אַזשאַ ען על נעגאָסיאָ, פּאַפּאַ!

דער שוואַרצער האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס ציימל פון האַנט און מיט אימפּעט אַריין אין שענק, איז צו גלייך צו שמואלן אויסשטרעקנדיק אים ביידע הענט:

— אָ, מי סאַלוואַדאָר! מי קערידאָ סאַלוואַדאָר! גיב עפּעס טרינקען! דאָן פּעדראָ, דערלאַנג עפּעס צום טיש! וואָס טרינקסטו סעניאָר? נעם טרינק עפּעס — בעט ער זיך ביי שמואלן, און ער נעמט דערציילן פאַרן עולם, וואָס שמואל האָט פאַר אים געטאָן: איר ווייסט דאָך — זאָגט ער, — ווי אונדז קומט אָן שווער דאָס אַרויסטראָגן דאָס האָלץ פון וואַלד, און וויפל וואָכן מיר שלעפּן זיך מיט דעם, ביז מיר קומען צו אַ ישוב, אום אָפּצולייזן די 40-50 פּעזעס. נו, שלעפּ איך זיך שוין פיר וואָכן מיט דעם וואָגן האָלץ און דאָ נישט ווייט אַ פּאָר לעגואַס פון שטעטל, גיט מיר די מאַרע זשעגואַ אַ דריי אין אַ זייט און שטופּט מיר אַריין דעם וואָגן אין אַ מעדאַנע און ער זינקט איין אין זאַמד איבער די קלעצלעך, און כאַטש נעם און קראַפּיר...

„דיאָס מיאָ"! וואָס טוט מען? נו, פּאַרט אָן אָט דער קאַוואַזשעראָ און העלפט מיר אַראָפּטראָגן דאָס גאַנצע האָלץ, שלעפּט מיר אַרוים דעם פאַרגרוזנעטן וואָגן, לאָדט אים צוריק אָן, אַרבעט אָפּ נעבן מיר אַ גאַנצן

טאָג, כאַפּט זיך ארויף אויפן פערד, גאַלאָפּירט אוועק און אפילו א גראַ־סיאַס, זיך נישט געלאָזט זאָגן. קע בועו האָמברע! קע בוענא אַלמא!

פיני האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט, האָט אַרומגעכאַפּט שמואלן:

ע, דו אינגל, דו באַקומסט דאָך גאָר זייער א טייערן נאָמען אין דער סבי־בה, דער מילך אידל דער גרינער, זאָגט דאָך אומעטום, אַז דו ביזט גאָר א צדיק, צוויי מילך קי האָסטו אים פאַרשאַפט.

קיינער האָט נישט געזען ווי דער אידל פון דער „מערקאַדאָ־רוסאָ" האָט זיך אריינגערוקט אין שענק, איז געשטאַנען די גאַנצע צייט מיט אויגן פול מיט טרערן און זיך צוגעהערט צו דעם שמועס — און איך — רופט זיך אָן דער איד — האָב אויך עפּעס צו זאָגן:

איר ווייסט דאָך מיין ראַסיזשא פערדל, מיין שפּייזער איז מיר פונקט אום ראש השנה פלוצים אוועקגעפאַלן, זיץ איך פון דעמאָלסט אָן, אָן סחו־רה, נישטאָ מיט וואָס ארויסצופאָרן... קלאַפּט ער מיר אָן היינט אין פענצ־טערל: אָט האָט איר א פערד, רב זיינוול, איר קענט אים שפּאַנען!

בערטא איז געווארן געווארן ביז טרערן, האָט אַרומגענומען שמואלן: מיין טייערער ברודער! אַז מ'זאָגט אַלמא בוענא...

דער האָט זיך א דריי אויסגעטאָן אַראָפּגערוקט די טשאַמבערגא אי־בער די אויגן. איז אַרויס אין דרויסן, אַרויפגעשפּרונגען אויפן סעברונא און זיך פאַרנומען גלייך צו פעליפּע סאַנטשעס.

זיינוול האָט אים נאָכגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— קאָלאָניסטישע קינדער, איידעלע נשמות וואָס דאָס פעלד גיט אַרויס!

# דער שותק

שטיל און ערליך, אַ פרומע נשמה, כמעט אַ צדיק, האָט קיין מאָל נישט געקוקט אויף קיין בתולה, געהיט געווען פון לשון הרע, האָט קיי־נעם נישט באַליידיקט, קיינעם נישט באַרעדט, האָט אויף קיין זלזול נישט געענטפערט, האָט נישט געגעסן קיין מאכלות אסורות, נישט טועם געווען קיין אבר מן החי, קיין שום משקה אויסער וואסער נישט געטרונקען.

אַ זקן געווען, און אַ סבלן, אַלץ אויף זיך איבערגעטראָגן בתמימות, געכאַפּט אַמאָל אַ קלאַפּ, איז אַראָפּגעשלונגען בשתיקה, נישט מתרעם גע־ווען חלילה אויף דער הנהגה...

איך האָב אים געקענט פון פילע יאָרן. האָב געוואוסט זיינע מידות און אים רעספּעקטירט, און אפשר טאַקע ליב געהאַט, נישט איין כלל'שע אַרבעט מיט אים אַדורכגעמאַכט.

יענע וואָך פאַלט אויף מיר דער גורל, צו מאכן אַ טור איבער דער קאָלאָניע צו זאַמלען זעק ווייץ פון די קאָלאָניסטן פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. דער וועג איז זייער אַ שווערע, די פילע רעגנס האָבן געמאַכט הקולקול הדרכים „פאַנטאַנאַס" און טיפע זומפּן גריבער ווי אין כדרלעומרס צייטן... מ'דאַרף זיך נעמען צום אַלטן טראַכט איך מיך, גיי צו אים — רבי „מאַנא מאַרא" זאָג איך, ס'איז ארץ ישראל! צו דער אַרבעט אַלטער!

דער שותק, ווי זיין טבע איז שווייגט, איך קוק אים אָן. באַטראַכט אים גיט ער אַ שאָקל מיטן קאָפּ. דאָס הייסט — מסכים!

דער יונגער לערער פון הירש איז מסכים מיטצופאָרן אַלס סעקרע־טאַר.

די סולקע ווערט געשפּאַנט, אַרויפגעלייגט אַ פּעקל פּושקעס פון קרן־קימת, אום צו צעטיילן צווישן די קאָלאָניסטן, אַ פּעקל כּאַרטש, אַ ביקס פאַר אַ שמירה און ויסעו. מיר פאָרן.

שטיל אָן דיבורים לאָזן מיר זיך אַריין צווישן די פּאַרטיקע לאַנען, ווייץ, קאָרן און ליאָן. מיר שווייגן. דער גלאַנץ, דער זיסער זעטיקער אַראָמאַט וואָס טראָגט זיך פונעם פאַרטיקן ברויט, פאַרנעמט אַלע חושים, דו קוקסט, זעסט, פילסט אַ תענוג וואָס ווילסט אים נישט איבערייסן מיט קיין וואָרט.

אַ בלייך־רויטלעכע זון האָט זיך אַ פיר געררוקט פון אונטער אַ ראָזעווע דעקע, האָט זיך חנעוודיק צעשמייכלט צו די ברייטע אָנגעלאָדענע פעלדער, אַ לייכט לינד ווינטעלע האָט אַדורכגעוועבט, האָט געבויגן די קעפּלעך תבואה אקעגן דער יונגעטשקער זון, און אַ איידעלער זשום, אַ שטומע שירה, אַ נגינה וואָס די מוזיק האָט נאָך קיין נאָטן צו איר נישט געפונען האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן יקום.

— זעט נאָר אַ טייך! אַ גאָלדענער טייך! — שרייט פּלוצים אוים דער לערער.

— וואו האָסטו אַ טייך מעשוגענער? ס'האָט זיך דיר געחלומט?

— פּאַלאַבראַ. אַ טייך! קוקט אַהין, און אָט רוקן זיך אויף אים שיפן! איינע, צוויי, דריי, זעט נאָר ווי זיי דרייען מיט די פאַרוסען אָדער פליגל, איר הערט נישט דעם זשום זייערן? איר זעט נישט, טוט אָן די ברילן! פּאַלאַבראַ!

— אינגל וואָס דו ביסט! מלמד, לערער! ס'איז „לא דובים ולא יער" ס'איז נישט קיין טייך און נישט קיין שיפן, ס'איז פשוט פּאַרטיקער ליאָן. און די שטראַלן פון דער זון האָבן אים אָפּגעפאַרבט אין גאָלד, און די שיפן זיינען געווים שנייד מאַשינען. פאָר צו נענטער וועלן מיר זען.

און מיר האָבן געזען מיליאָנען דינינקע ברוינע שטעקעלעך אָנגעפּיקעוועט מיט קיילעכדיקע קעפּלעך גאָלד, ווערן פאַרשלונגען פון דריי גרויסע מאָנסטערס מיט ברייטע אומגעלומפּערטע פליגל וואָס בויגן די גאָלד קעפּלעך צו זיך, פרעסן זיי מיט אַ שרעקלעכן אַפּעטיט. פילן אָן זייערע

בייכער און שפּייען זיי באַלד אויס צוריק; דאָס גאַנצע פעלד ווערט באַ־
דעקט מיט הויפנס קופּעס נאָלד.

—ריכטיק, פּאַלאַבראַ! ווערט ענטציקט דער לערער. ס׳איז ליאָן.
און אין דער זייט, איז ווייץ, זעט נאָר! מאַשינען וואָס שפּייען מיט פולע
זעק ווייץ. גאָטס ברכה! ברויט און גאָלד. ס׳שיט מיט מחיה מיט מזונות
פון בארג און טאָל. קע ריקאָ! קע לינדאָ!

דעם שותק אפּנים איז אויך געפעלן געוואָרן, ער האָט עפּעס צוגע־
מורעט מיטן האַלדז, און פריילעך געשאָקלט מיטן קאָפּ.

פלוצים האָט זיך ווייט, ווייט אינעם האָריזאָנט אַ רויט פייעריקער
קופּעל באַוויזן, און באַלד נאָך איינער, און נאָך איינער, פאַרן אויג האָט
זיך אַנטפּלעקט גרויסהאַרטיק שיינע מאָדערנע בנינים מיט רויט געפאַרב־
טע דעכער.

— זע נאָר, — זאָג איך צום לערער — ווי קומען די שיינע עסטאַנ־
ציעס אהער? זיינען מיר דען נישט נעבן קאַמפּ פון שמואל גאַז?

דער לערער האָט אַ לייכטן זיפץ געטאָן:

— געווען שמואלס לאַנד, היינט איז עס די רייכע עסטאַבלעסימיען־
טאָ פון דאָן אַסקיינע, און יענער שיינער הויף מיט די פּאַלמען בוימער
דאָרט אריבער, איז די עסטאַנציע פון דאָן פאַנטאַנאַ, וואָס האָט אָפּגע־
קויפט די ערד ביי יאָסל גיבור, וואָס האַלט איצט אַ קלייטל ביים שליאַך...
שיינע עסטאַבלעסימיענטאָס האָבן זיי אוועקגעשטעלט די גויים, מירן
נאָך זיך שלעפּן איבער אַ שעה צייט ביז מירן אָנקומען צו אַ אידישער
טשאַקרע... פאַרענדיקט דער לערער און קלעמט צוזאַמען מיט די ציין.

די גאַנצע פריערדיקע שמחה איז אַרויסגעפלויגן פון האַרץ. נאָדלען
האָבן אָנגעהויבן ארומקריכן אין לייב...

איטאַליענער, גאַזשעגאָס דעראָבערן אונדזער אידישע, מיט שוויים
אויסגעווייטיקט לאַנד! און ווער האָט די שולד?

אַ זיפץ, אַ טיפער האָט זיך מיר אַרויסגעריסן און די ליפּן האָבן
פון זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— חורבן! חורבן!

דער לערער האָט זיך נערוועאיש אַ הויב געטאָן פון זיץ, און זיך

מיט אזא אימפעט א זעץ געטאָן צוריק, אז די סולקע האָט אזש א קנאַק געטאָן.

דער אלטער „מאנא מארא“ האָט נאָר א שטילן קרעכץ ארויסגעלאָזן פון ברוסט און האָט א הויב געטאָן מיט די זייטן און ווי זיין טבע: א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

אלע זיינען מיר אין פיינלעכע מחשבות פארזונקען געוואָרן. און שווייגנדיק זיך געשלעפּט דעם וועג.

די זון האָט זיך אירס געטאָן, וואָס א מינוט אלץ העכער געקראָכן, און זיך פון זיך אליין אין בראַנד פייער געבאָדן און איז, ווי אָנגעגליטער אייזן אונדז געפאלן אויף די קעפּ.

איך ווייס נישט צו בין איך פון היץ איינגעדרעמלט צו וואָס, פּלוצים האָט א קול אין די אויערן אָפּגעקלונגען:

— קואידאראָ! אונדזער סולקע האָט זיך א בויג געטאָן אויף א זייט. אָט, אָט פאלן מיר ארויס און א האָגל מיט זלזולים האָט זיך געשאָטן אויף אונדזערע קעפּ:

קאראמבא! מלמדים! אזוי האלט מען עס וואשקעס אין האַנט? שיעור מיר די שפּיצעס נישט אויסגעבראָכן פון וואָגן... מיר האָבן דער־זען ווי מיר זיינען ארייַנגעפאָרן אין א שווערן משא וואָגן, וואָס איז אָנ־געלאָדן מיט זעק.

— אנטשולדיקט, רב נטע אליעזר, מיר האָבן אייך נישט באַ־מערקט...

— וואוהין שלעפּט איר זיך אין אזא היץ? אוודאי קהל! איי, איי! אָרעמער מאנא מארא! א שיין ביסל יאָרן שלעפּט ער זיך מיט קהל... פּאָב־רע אלטער!

דעם לערער האָט זיך געגלוסט אביסל שפּאָס און ער שטעלט אָן א נאאיווע באלײדיקטע מינע.

— וואָס וואַרפט איר אויס קהל. און פארוואָס האָט איר מער רחמנות אויפן אלטן ווי אויף אונדז?

— נא, אָט האָסטו דיר! א קלאָץ קשיא געפרעגט. איך רייד דען אויף קהל, קארג האָב איך דערביי אין דער יוגנט געאַרבעט? דו ביזט נאָך

אָן תחתונים געגאַנגען ווען איך בין מיט סעניאָר אַלפּערסאָן אומגעפאָרן פאר קהל. סיערטאָ סעניאָר? — ווענדעט ער זיך צו מיר.

— סי, סי! עפעס געדענקט זיך, נאָר נישט אין גאַנצן...

— נישט אין גאַנצן? נאַ וועט נטע לייזער בעל עגלה דערמאַנען. נשקשה, ער האָט א גוטן קאָפּ נטע לייזער, נישט אומזיסט איז ער מיט וועלוול חנטשעס די בעסטע חדר־אינגלעך אין שטעטל געווען, ער הייסט היינט רבי וועלוועלע דער רב פון שטעטל און איך בעל עגלה פון מאַוריציאַ, אָבער...

דערציילט, דערציילט, בעט זיך דער לערער און זשמורעט מיט די אויגן. דערציילט ר' נטע לייזער!..

דערציילט, דערציילט, קרימט אים נטע לייזער איבער די רייד.

— לאָמיר צוערשט אויספּלאַפּטערן די סולקע רבילע מיינער, אָט אזוי: לייג אן אקסל... פּטור... פּאַרטיק.

איצט לאָמיר זיך זעצן אינעם שאָטן פון וואָגן. א ציגאַר האָט איר? און ער דערציילט:

— ס'איז שוין א יאָר 19־20 אין דעם, פון מאַנדזשוריע פון דער מלחמה זיינען מיר אַנטלאָפן, א מאן 20 זיינען מיר קיין מאַוריציאַ אָנגעקומען. איך האָב געאַרבעט באַ סעניאָר אַלפּערסאָן אין טשאַקרע. וואָס איר געדענקט נישט? סעניאָר! איך וועל אייך זאָגן א סימן, איר מיט משה דעם דיאַדקע און פּוסטילניק און גלאַזערמאַן דער שוחט, האָט דאַן געגרינדעט די אגודה „עוזרי ציון”, א ציון־קאָנגרעס אין ענטרע ריאָס ביי דר. ירחי האָט מען געמאַכט.

— איך געדענק עס ווי היינט — איר זאָגט צו מיר:

נטע לייזער, שפּאַן מיר איין די פיקאַסע, מירן אַרויספאָרן. די פּיקאַסע רחל שלום האָט קיינער נישט געקענט שפּאַנען חוץ מיר.

— „רחל שלום” זאָגט מען, נישט „לאה שלום” — פאַריכט אים דער לערער.

— אָט האָסטו דיר! וואָס איז דער חלוק רחל צו לאה? זיינען דאָך ביידע פון די אָבות!

— פון די אמהות, ר' נטע לייזער, דאַרף מען זאָגן.

— אָט האָסטו דיר! אין אונדזערע צייטן האָט מען קיין דיקדוק נישט געלערנט. ער קנאַלט אויס מיט דער בייטש און פאָרט אַוועק.

רבי „מאנא מארא" וואָס האָט זיך דוקא נישט אריינגעמישט אינעם גאַנצן שמועס און געשוויגן ווי זיין טבע, איז ביי די לעצטע רייד ווי אויפ־געלייגט געוואָרן. האָט אויסגעצויגן זיין רעכטע „האנט" די גרויע די „מאנא מארא" און פריילעך געקלאַפּט אין דער ערד, דאָס האָט געהייסן מסכים, מסכים.

מיר האָבן זיך אויפגעזעצט אויף דער סולקע, און מיט פרישן מוט זיך געלאָזט אין וועג.

די זון אויבן האָט אויך עפּעס ווי חרטה געהאַט אויף איר פריערדי־קער היץ און האָט געכאַפּט אַ שטיק גרויע שמאַטע און זיך פאַרדעקט דאָס פּנים... ס'איז געוואָרן קיל אַ מחיה. און אין צוואַנציק מינוט צייט האָבן מיר דערגרייכט די אידישע טשאַקרע פון מאַקס. ר'.

מיר זיינען געפאָרן פון טשאקרע צו טשאקרע, פאַנאַנדערגעטיילט די קרן קימת פושקעס און דער „מאנא מארא" האָט מיט שמחה גע־שטעלט פּיס.

# דער ערשטער אַרויסגעטריבענער קאָלאָניסט

דער „כּועז" — אויבער־ריכטער פון מ., אליין אַ גוט־באַזיצער, פון פּיל לעגואַס קאַמפּ, זייער אַ סענטימענטאַלער מענטש, האָט מיט אַלע זיינע איידעלע סענטימענטן דאָך נישט געקענט פאַרבייגיין דעם שטאַטלעכן געזעץ — וואָס זאָגט: די ערד געהער תמיד צו די אייגנטימער וועלכע האָבן אַ שטר אויף איר, און וואָס האָבן מיט געלט פאַר איר באַצאָלט. און כּל זמן דער קאָלאָניסט האָט זיין לעצטע ראַטע נישט באַצאָלט, בלייבט זי אַלץ אין רשות פונעם אייגנטימער, און ער האָט דאָס רעכט צו טאָן וואָס ער וויל.

די 25 יאָר אַרבעט, מי און שוויים וואָס די פאַמיליע שטיין, האָט אויף דעם שטיקל פעלד אוועקגעלייגט זיינען אין הינטערגרונט געבליבן. די טענה זייערע: אַז די ערד האָט פינף יאָר כּסדר פּראָקאַסירט, און צוליב דעם האָבן זיי דעם „אַנואַלידאַד" נישט געצאָלט. די טענה איז געבליבן הענגען...

מענטשן, אַזעלכע ווי מיר און איר, אפשר אויך פאַמיליען פאַטערס, וואָס האָבן געוווינט ליב זייער הויז־געזינט, זייער היים, דינערס פון שטאַט, — זיינען געקומען האָבן פאַרגעלייענט דער פאַמיליע דעם אורטייל פון „כּועז": — „דעסאַלאָכאַ..."

און מיט אַ קאַלטן ערנסט האָבן זיי גענומען אויספירן דעם פּסק. האָבן אַרויסגעיאָגט די פאַמיליע פון זייער שטוב. דאָס פעלד, דעם וואַלד,

גאָרטן און סאָד, אַלע בנינים, די אַרבעט פון 25 יאָר, איז געבליבן אין רשות פון די ערשטע בעלי בתים. דער רעמאַנענט, דאָס ביסל פּי, די אַגרי־קולטור־מאַשינען, דאָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די קליינע קרעדי־טאָרן, וועלכע האָבן געמאָנט ביי דער פאַמיליע געלט פאַר זריעה, א. א. וו. און דער פּראָצעס איז געענדיקט געוואָרן.

די קאָלאָניע האָט אויפגעציטערט, אַ שרעקלעכער צער האָט זי איינ־געהילט. די פּנים׳ער ביי די ערשטע פּיאָנערן זיינען שוואַרץ געוואָרן ווי קויל, אַ פאַרדרוס געמישט מיט טרויער האָט זיך פון זייערע קנייטשן אין די ברוינע פּנים׳ער אַרויסגעזען, עס האָט יעדן איינעם געגריזשעט די נשמה, ווײַ געטאָן דאָס האַרץ, עס האָט זיך געפרעגט:

— וואו קומען אַהין די לייד און פּיין, אַרבעט און פלייס פון אַ פערטל מאה יאָרן? וואו איז דער לוין, דער שכר פון דער אַרבעטזאַמער משפּחה, וואָס האָט פון אַ שטיק פּוסטע פעלד אַזאַ בליענדיקן „עדן" גע־מאַכט? — די ביטערע פאַרדראָסיקע שטימונג האָט אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטן אין דער קאָלאָניע.

די באַשיצערן פון אַלע חטאים: „רחמנות" — זי איז געקומען און ווי איר שטייגער איז: אַביסל וואַסער פון די אויגן ביי די „בעלי הרחמים" אָפּגעצאַפּט... אָפּגעטאָן אירס, האָט זי זיך אין אַ זייט פאַרנומען... און גענומען פלאַץ ביי יעדן אין האַרץ פאַר דעם אַלמעכטיקן עגאָאיזם וועל־כער איז געקומען געאַרעמט מיט דער פרומענקער שטילענקער „נחמה"...

און זי, די ליבינקע, האָט יעדן אין אויער אַריין, מיט אירע באַלזאַם ליפּעלעך געפּליסטערט:

— רוהיק! רוהיק! ווער געטרייסט!

מענטשן האָבן זיך צוגעהערט צו זייערע רייד... און זיינען געוואָרן געטרייסט.

איין „יושר", ער האָט זיך געקרומט, אַט דער אַלטער קינדערלאָזער, וואָס האָט ניט אויף זיין לעבן קיין פּרוכט פון זיין „ישרונות" דערלעבט... ער האָט זיך נעבעך פאַרשעמט... אין אַ ווינקעלע האָט ער זיך פאַרקליבן און פון דאָרט מיט איבל און שפּאָט אויף דאָס אַלץ געקוקט... און ביי זיך געטראַכט:

— ווארט! ווארט! עס איז שוין נאָענט די צייט... דאָס גאנצע מיסט וועט פאלן אויף אייערע קעפּ...

און די אַרויסגעטריבענע? צו זיי איז די נחמה נישט געקומען דער מאכטלאָזער „יושר" האָט זיי אויך אויף הפקר געלאָזן...

---

אין אַ נידעריקע „ראַנטשעלע" קאַמערינע, האָבן זיי — ביי אַ פּאַס־טוך — זיך איינגעדונגען, נעבן דער לאַגונאַ פון „סאַנטאַ טאָמאַס".

זייער „טוביאנא" פערדל, וואָס די קרעדיטאָרן האָבן פון דאָס גאנצע פארמעג איבערגעלאָזן פארן אלטן פּיאָנער יאנקל — דער פּאָטער פון די אַרויסגעטריבענע — אָט אָ דאָס אַלטע געפלעקטע פערדל, וואָס טראָגט אויף זיין רוקן די דריי בוכשטאַבן י. ק. א. האָט דאָס ביסל מטלטלן זיי־ערס, אין דעם שטיבל אָדער „ראנטשאָ" איבערגעפירט, און די פאמיליע שטיין האָט זיך דאָרט איינגעאָרדנט און באַזעצט.

די צוויי בחורים זייערע, די אַגריקולטאָרן וואָס האָבן יאָרן דאָס אייגענע פעלד געאַרבעט, האָבן זיך ביי די גויאישע גוטבאַזיצער אַלס פּעאָנען פאַרדונגען, און מיט דעם לוין פון זייער אַרבעט, די טאַטע מאַמע און די שוועסטער די בת יחידה רחל'ע, אַ מיידל פון אַ יאָר 18, מפרנס געווען.

קאָלאָניסטן, און סתם מענטשן וואָס האָבן אַ שוואַכן זכרון האָבן אויף גיך פארגעסן דעם אומרעכט, וואָס איז קעגן זייער חבר דעם אלטן יאנקל באַגאַנגען געוואָרן, און די קאָלאָניע איז רואיק און שטיל געבליבן.

נאָר די משפחה אַליין, די אַרויסגעטריבענע, זיי האָבן פאַרגעסן נישט געקאָנט... אַ שרעקלעכער צער און אַ האַס האָט זיך אין זייער הארצן פאַרקליבן, אַ פייער פון צאָרן און נקמה האָט אין זייער בלוט געזאָדן און מיט עקל און גיפט האָבן זיי געקוקט אויף אַ פּאָר פון זייערע שכנים, וואָס זיינען געקראָכן אין אַדמיניסטראַציע, באַצאָלט כּאַבּאַר אום צו באַקומען זייער ערד, זייערע פעלדער וועלכע זיי האָבן יאָרן און יאָרן מיט זייער בלוט, שוויים קולטיווירט.

אין אָוונט נאָך דער אַרבעט פלעגן די קינדער צווישן זיך ריידן אַזעל־כע רייד, אַז די אַלטע דבורה, די מוטער זייערע, פלעגט אויפּציטערן פון שרעק...

— טראַכט נישט פון נקמה, קינדער! פלעגט זיי די אַלטע מוטער בעטן — עס איז אונדז אזוי פון גאָט באַשערט... לאָמיר עס אָנעמען פאר ליב...

אָבער אויך די מוטער פלעגט נאָר די קינדער אויסריידן אום צו פארהיטן זיי פון שלעכטס.

אָבער אין איר הארצן דאָרט אין דער טיף האָט אויך אַ פייער געברענט. אויף גאָט אַליין פאַרוואָס פירט ער זיין וועלט אַזוי, און ווי דער לאָזט ער אַזאַ אומרעכט: — אַרויסצוטרייבן זיי פון זייער שטוב, וואָס זיי האָבן געבויט און מיט די באָרוועסע פיס דאָס ליים פאַר איר געקנאָטן.

איין יאנקל, דער ראש פון דער ארויסגעטריבענער משפחה, ער האָט נישט געוויינט, אויך ניט מתרעם געווען אויף קיינעם; ער איז נאָר כסדר אומגעגאַנגען פאַרטראַכט און געביסן די נעגל פון די הענט, און כמעט מיט קיינעם נישט גערעדט קיין וואָרט. אַ שווייגן איז אויף אים אָנגעפאַלן, אַ שטומער געוויין, אַ געוויין אָן טרערן איז אויף זיין פנים אויסגעגאָסן געוואָרן, אַ נשמה־געוויין, וואָס טרוקן און שטום, פרעסט עס און קרעמפּט דאָס הארץ, קוקט מיט אומעט און צער אויף גאָטס וועלט.

די פרוי מיט די קינדער האָבן זיך שטאַרק געשראָקן פאַר דעם שווייגן... און מיט אַלע מעגלעכקייטן געזוכט אויסריידן אים. פארגרינגערן אים דעם ווייטיק, זיי האָבן זיך געהיט, אים נישט ארויסצוברענגען אויף די ליפּן דאָס געשעענע, און תמיד געוויזן פאַר אים אַ פריילעך געמיט.

עס האָט אָבער ווייניק וואָס געהאָלפן, דער אַלטער האָט געשוויגן, און איז וואָס אַ טאָג מער מעלאנכאָלישער געוואָרן. די האָר פון זיין באָרד זיינען ווייסער געוואָרן, די קנייטשן אויף זיין פנים טיפער, און זיינע אויגן האָבן ווי פארלוירן דעם קאָליר. אויף די אַלע רייד וואָס די פאמיליע פלעגט צו אים ריידן, פלעגט ער נאָר מיט אַ טיפן זיפץ, און מיט אַ מאַך מיטן האנט אָפּענטפערן...

ווען די בת יחידה רחל'ע, זיין ליבלינג, פלעגט זיך צו אים צוזעצן מיט רייד, און בעטן:

— וואָס איז דיר, פאפּא, וואָס נעמסטו דיר אזוי צום הארצן? זאָל זיך אונדז דוכטן, אַז מיר זיינען אין אייראָפּע, און די מלחמה האָט אונדז

רואינירט, און האָט נאָך די קינדער אונדזערע אויך אין שלאַכט אוועקגע־
שלעפּט... מיר זיינען יונגע קינדער, מיר וועלן אַרבעטן, און מיר וועלן
זיך נאָך צוריק אַרויפאַרבעטן. אויף די אַלע רייד פלעג דער אַלטער נאָר
מיט א שווערן זיפץ און א שאָקל מיטן קאָפּ אָפּענטפערן; און ווען די מיידל
פלעגט זיך צעוויינען, פלעגט ער נאָר אַ פּאָר ווערטער אויסריידן:

— איך בין שולדיק אין אייער אומגליק... און ער פלעגט באַלד אָנ־
זאָטלען דעם „טוביאַנאַ" אַרויספאָרן אויבן אין וואַלד, און א היים קומען
שוין שפּעט אין דער נאַכט.

עס איז אַזוי אַוועק דער גאַנצער ווינטער, די משפחה האָט שטאַרק
געליטן. איינזאַם, עלנד און פון יעדן איינעם פאַרלאָזט זיינען זיי אין דעם
„ראַנטשעלע" געזעסן און זיך געזעטיקט מיט צער...

עס איז אָנגעקומען דער פרילינג.

א שיינער ליכטיקער מאָרגן.

דער אַלטער יאַנקל איז נעבן דער ראַנטשאָ געשטאַנען און געזאָטלט
דעם „טוביאַנאַ".

די זון, אַ יונגע, אַ פרישע, נאָר וואָס אויפגעשטאַנען, עטוואָס בלייך
געדוּלט, קוקט זיך אפיר פון אונטערן „סאַנטאַ־טאָמאַסער" וואַלד.

אַ שטראַל האָט זיך פון דער זון ווי אָפּגעריסן, זיך דורכגעשטופּט
צווישן די הויכע טאָפּאָל־בוימער, איז אריין צווישן די קליינע אויערן פונעם
טוביאַנאַ פערד, אַריינגעטאַנצט אין זיין געפלעקטער גרייזע האָר און זיי
אָפּגעפאַרבט מיט זיין גאָלד קאָליר און באַלד האָט ער, דער שטראַל אַרויפ־
געטאַנצט אויף יאַנקלס האַנט, זיך שטיפעריש געגליטשט צווישן זיינע ביי־
נערנע פינגער און פון דאָרט איז ער אַרויף אויף זיין אָנגעכמורעט
געזיכט און זיך גענומען צוקן אויף זיין פּנים, שפּילן זיך, טאַנצן אין א
זיג־זאַג. ער איז אים געקראָכן אין די אויגן, אין דער נאָז, געבלענדעט
אים די שיין און זיך ווי גערייצט מיט זיין נערוועזיטעט.

דער אַלטער, אַ פאַרביטערטער און יאושדיקער האָט געזשמורעט מיט
די אויגן, געפּאָכעט מיט די הענט, און געוואָלט אַלץ אָפּטרייבן פון זיך
דעם שטיפערישן שטראַל, און ער, ווי אויף צו להכעיס האָט זיך מיט
חוצפּה געשטופּט צו אים, און אים נישט געלאָזט זאָטלען דעם פערד.

— איי ביסטו אַ חצוף! — האָבן ווי אומבאַוואוסטזיניק אַרויסגע־רעדט יאנקלס ליפּן, און ער האָט עפּעס נישט ווילנדיק אַ לאַך געטאָן פון די אַרויסגעזאָגטע רייד. — דאָס איז געווען דער ערשטער שמייכל וואָס איז אַריבער זיינע ליפּן, פון דער צייט אָן זינט מ׳האָט זיי פון זייער היים פאַרטריבן, — דער אומעט זיינער האָט זיך אַ פּנים פאַר דעם אומגעריכ־טן שמייכל דערשראָקן, און איז אָפּגעטראָטן אין אַ זייט. עס איז אים עפּעס ליכטיק געוואָרן אין מוח און וואַרעם געוואָרן באַם הארצן. ער האָט אויפ־געהערט זאָטלען, האָט זיך מיט די עלנבויגן אָנגעשפּאַרט אויפן רוקן פון פערד, און האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ אַקעגן דער אויפגייענדיקער זון, וועלכע האָט געהאַלטן אין באַפרייען זיך פונעם דורכזיכטיקן בלוילעכן נעפּל און אַרומגענומען ווי מיט אַ גאָלדענעם האַלדז־באַנד, דעם גרינעם „סאַנטאַ־טאָמאַסער“ וואַלד.

די בוימער, איינגעהילט אין זייער דינעם טלית מיט דער שיינער פרילינג עטרה באַזוימט מיט שפּריצלעך מאָרגן־טוי, וואָס האָבן געבליאַס־קעט מיט חן ווי די טרערן אין די אויגן ביי אַ פּיצעלע קינד, האָבן זיך קוים באַוועגט פּליסטערנדיק אין דער שטיל, זייער שחרית תּפילה צו דער קעניגן פון טאָג...

דער אַלטער יאנקל האָט ברייט צעעפנט זיינע אויגן, האָט באַטראַכט די נאַטור און גלייך ווי ער זעט עס דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן, האָבן זיינע אַלע חושים געשלונגען און באַוואונדערט דעם וואַלד, דעם גאַנצן שטח פאַרזייעטע פעלד, מיט קאָרן, ווייץ און ליאָן; די הייזלעך פון די קאָ־לאָניסטן, די גערטנער און די סעדער וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט פון וויטן אַקעגן דער אויפגייענדיקער זון. דער אַראָמאַט פון די בלומען, די בליאונג פון די דוראַזנאָס בוימער, דער ריח, וואָס האָט אָנגעפילט די לופט, דאָס אַלץ האָט דעם אַלטן דערפרישט, די מרה שחורה־אייז, וואָס איז אַ גאַנצן ווינטער געלעגן אויף זיין הארצן איז ווי צעגאַנגען געוואָרן אַקעגן די פרילינג שטראַלן פון דער שיינער מאָרגן זון. עס האָט אין אים דערוואַכט דער פּינה און צוואַנציק יעריקער קאָלאָניסט און יאַנקל האָט זיך דערמאָנט:

ער איז פון שיף „ליסאַבאָן” אַראָפּ און אָנגעהויבן טרעטן אויף דער אַרגענטינער ערד.

— דבורה! זאָגט ער צו זיין פרוי, — זע נאָר דעם שיינעם הימל ווי בלוי, ליכטיק ער איז! עס איז נישט דאָס שווארצע פּאָגראָם־רוס־לאַנד... דבורה מיר זיינען פריי! זע נאָר די ערד ווי שווארץ, פעט זי איז! מיר וועלן זי אַרבעטן, מיר וועלן דאָ דערציען אונדזערע קינדער אין דעם וואָרעמען לאַנד, דאָ וועט שוין זיין אונדזער אייביקע היים, פון דאַנען וועלן מיר שוין נישט פאַרטריבן ווערן...

און אָט איז ער שוין אַ קאָלאָניסט, פאַרמאָגט 200 העקטאַר לאַנד, מיט א קאָנטראַקט פון דער „איקא” און אָט צאָלט ער איר דעם „אַנוא־לידאַד” יאָר ביי יאָר...

דער מוח אַרבעט ביי אים, עס לויפן די בילדער, עס פליען די יאָרן. אָט זעט ער זיך אַרומגעפלאַנצט מיט א וואַלד, א סאָד, וואָס ער מיט זיינע קינדער האָבן געפלאַנצט, א בלומען גערטנדל וואָס זיין בת יחידה רחל'ע האָט מיט אירע הענט אויפגעצויגן, בנינים, הייזער, שטאַלן, בהמות, אַגרי־קולטור־מאַשינען, ווי רייך, געזונט ער איז איינגעוואָרצלט אויף דעם באָדן. און ווי עס פרייט זיך אין אים דאָס האַרץ. זיינע צוויי קינדער, די זין זיינע, ווי געטריי, פלייסיק, און מיט וואָס פאַר אַ ליבע זיי אַרבעטן די ערד.

— זע נאָר דבורה! וואָס פאַר אַ געזונטע יונגען אונדזער חיים מיט ברוך'ן זיינען אויסגעוואַקסן ביי דער אַרבעט אין פעלד! באַטראַכט נאָר זייערע מוסקולן פון די הענט, ווי פעסט זיי האַלטן די „לאַסאָ” און ווי געשיקט זיי האָבן „לאַסירט” דעם ווילדן „פּאָטראָ”, אַך דבורה! וואָס פאַר אַ ערלעכע געזונטע פּרנסה די אַגריקולטור איז!

באַזונדערס דערהויבן שטעלט זיך אים פאַר דער מאָמענט, ווען ער האָט דאָס „בירגער־ביכל” אַרויסבאַקומען פון דער היגער רעגירונג... איצט דבורה — זאָגט ער מיט שמחה, בין איך שוין אַן אַרגענטי־נער בירגער, אַ פרייער מענטש פון דער רייכער שיינער רעפּובליק; זיך געזעגנט אויף תמיד מיטן פּאָגראָמען־לאַנד... דאָ אין דעם לאַנד ווען חיים

מיט ברוך׳ן וועלן קומען אין מיליטער עלטער וועל איך זיי מיט פארגע־
ניגן אָפּפירן אין קאזארמע און זיי מיטגעבן מיין הייסע ברכה:

— גייט קינדערלעך דינט טריי אונדזער נייע פאטריע, מיטן לעצ־
טן טראָפּן בלוט אייערן זאָלט איר פארטיידיקן איר ערד, אָט דעם גע־
בענטשטן אוצר וועלכן מיר האָבן אויך א חלק אין אים און פון וועלכן
קיינער וועט אונדז קיינמאָל פארטרייבן פון דעם...

יאנקל טראכט, לעבט איבער אלץ אויף דער מינוט, די אלע ליכטיקע
בילדער פון דער פארגאנגענהייט און פילט זיך גליקלעך.

פלוצלינג א שטיין אין וועג, און די פריערדיקע פריילעכע געדאנקען
האָבן זיך איבערגעריסן...

די קעגנווארט האָט זיך פאר אים אנטפלעקט אין זיך מיט איר גאנ־
צן חושך אוועקגעשטעלט פאר אים...

„ד ע ם א ל אָ כ אָ".

ער ווייסט וואָס דאָס באדייט... עס ווארפט אים אריין אין א קעלט,
ער פאנגט אָן ציטערן ווי פון פיבער. נישט די פרילינגס־שטראלן זיינען
שוין בכוח אים צו ווארעמען, נישט די נאטור מיט איר גאנצן צויבער זיי־
נען אין קראפט צו היילן די וואונד וואָס האָט זיך געעפנט איצט אין זיין
הארץ... שווערע זיפצן רייסן זיך פון זיין פארוואונדעטער ברוסט, און
זיינע ציטערנדיקע ליפּן שעפּטשען אין דער שטיל: ארויסגעטריבן!

— גאָט! — גיט ער ווי נישט ווילנדיק א רייד ארויס און הויבט
אויף די אויגן צום הימל.

ווי איז מעגלעך, אז ער זאָל דערלאָזן אזא אומרעכט?

---

פון ראנטשאָ פענצטערל האָט א ציטערדיקער קול געדופן:

— מאמא, קום נאָר אהער, מאמא! זע נאָר מאמא, דער פאפּאַ
וויינט!..

— א גליק מיין קינד, וואָס די קרעדיטאָרן האָבן אָט דעם אוצר —
טרערן — נישט צוגענומען ביי אונדז.

— לאָז אים נישט וויינען, מאמא! בעט זיך דאָס מיידל, עס טוט
אזוי וויי! איך קען נישט זען פאפּאַ וויינט.

און אַ צאַרטע, מילדע שטימע האָט זיך פון פענצטער געטראָגן:

— יאַנקל!

יאַנקל האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ער האָט דאָס קול דערקענט, דאָס איז די שטימע פון זיין דבורה'ן. 38 יאָר אַז זי, טיילט דאָס לעבן מיט אים, דורכגעמאכט ימים, געליטן צוזאמען און מיט סבלנות איבערגע־טראָגן, אויך איצט, ווען די פילאַנטראָפּיע האָט די לעצטע בריק פון אונ־טער זייערע פיס אָפּגעריסן, ווען דער שטאַטלעכער געזעץ האָט זייער 25 יאָריקע נעסט צעשטערט, טראָגט זי געדולדיק אַלץ איבער, זי רעדט נאָך מיר אויס...

— איך קום! דבורה! איז די וואַסער שוין הייס? זאָג רחל'ען זאָל זי סערווירן אַ מאַטע!..

פון אויבן דעם בערגל, וואָס קוקט אין לאַגונא אקעגן דער „ראַנטשאָ" האָט זיך אַ לייכטער גאַלאָפּירן געהערט.

א יונגער קאָלאָניסט אויף אַ שיינעם שטאַרקן פערד איז זיך שטאָלץ אין זאָטל געזעסן און באַגייסטערט פונעם פּראַכטפולן שיינעם מאָרגן, האָ־בן זיינע ליפּן ווי פון זיך אַליין עפּעס אַ פריילעכע טאַנגאָ געפייפט.

דער מאָרגן איז געווען פון יענע פרילינגס־פרימאָרגנס, וואָס וועקן דאָס לעבן, קוויקן דאָס האַרץ, ברויזן אויף די נשמה. וואו דאָס אויג האָט געכאַפּט האָט שעמערירט און געשטראַלט מיט לעבן...

לאַנגע שטראָמען ווייץ און קאָרן, אויך שפּיצלע פּאַסן מיט צוויטנדן ליאָן האָבן זיך ביז דעם וואַלד געצויגן, און ווי שוואַנגערע פרויען, האָבן זיי מיט זייערע זאַנפטע בליאונגען קוים, קוים, זיך באַוועגט און ווי שע־מעוודיקע זייערע קעפּלעך אַקעגן דער מאָרגן זון פאַרנייגט...

און די זון, אַ רויטע, אַ יונגע, האָט געשיינט, געלאַכט. האָט אומ־אַרעמט דעם גאַנצן בליענדן שטח פעלד מיט אַ פייערדיקן נאַטירלעכן קוש... — שיין איז די „פרימאַווערא" געקומען! — רעדט צו זיך אַליין דער יונגער רייטער — אַלץ האָט זיך אַזוי לוסטיק צום וואַקסן גענומען! אַלץ האָט אויפגעלעבט! וואָס פאַר אַ רייכן באָדן מיר פאַרמאָגן!

און א טראַכטטוענדיק פון זיינע העקטאַרן פעלד מיט דעם פאַרזייעטן ברויט און ליאָן, וואָס ער פאַרמאָגט, צעגיסט זיך אַ שטאָלצער נחת אויף

זיין פנים, און מיטן רעספעקט, און ליבע וואָס דער אַקער־בויער פילט צו דער נאַטור און צו זיין שפייזערן, די ערד, בויגט ער זיך אַראָפּ פון פערד פליקט אָן אַ זשמעניע צוויט פונעם בליענדיקן ליאָן, שמעקט אָן זאפט אין זיך איין דעם אַראָמאַט פון דעם זיסן פרילינג און צוזינגט זיך אויף אַ קול.

די פריילעכע שטימע זיינע האָט אָפּגעקלונגען אין דער שטילער מאָרגן־לופט. די עכאָ האָט דורכגעשניטן דעם פאַרחלומטן טאַפּאַליע־וואַלד פון „סאַנטאַ טאָמאַס״. אַ כאָר פון טויזנטער פייגעלעך האָבן זי אויפגעכאַפּט און מיט אַ לוסטיקן שווישטשעריי האָבן זיי מיטגעזונגען, אָנ־פילנדיק דעם גאַנצן רוים מיט אַ פריילעכן נאַטירלעכן הללויה...

דער רייטער האָט זיך אַזוי זינגענדיק, דאָס בערגל אַרונטער געלאָזן, האָט די אומגליקלעכע אַרויסגעטריבענע דערזען. און די צופרידנקייט איז גלייך פון זיין פנים פאַרשוואונדן.

ער האָט איינגעהאַלטן דאָס פערד, און זיך פאַרטראַכט:

אַנטלויפן? אָפּקערעווען דאָס פערד אין אַ זייט און נישט אַרונטער־פאָרן צו זיי... קומען קוקן דעם געשענדעטן גאָט פנים אל פנים! נאָך וואָס? אָבער זיין איידעלער כאַראַקטער, האָט אין אים פּראָטעסטירט...

— שעם זיך מישאַ! דער אַלטער אַרויסגעטריבענער יאַנקל איז דאָך מיט דיין זעליקן פאָטער אַ פריינט געווען! און דו ביזט דאָך מיט זיינע קינדער אין איין שולע אין קאָלאָניע געגאַנגען...

ער האָט זיך געשטאַרקט דאָס האַרץ, האָט אַ טורקע געטאָן דאָס פערד און איז מיט דער יוגנטלעכער גראַציע און מיט אַרגענטינער פריינט־לעכקייט צוגעפאָרן צו זיי און אַ וואַרעמען, העפלעכן „בוענאָס דיאַס״ דער פאַמיליע פונעם פערד אַראָפּ באַגריסט.

— אָ! דו ביסט עס, מישאַ! רופט זיך אָפּ דער אַלטער יאַנקל — קריך אַראָפּ פון פערד, וועלן מיר טרינקען אַ מאַטע.

ער האָט אָפּגעשטיגן פונעם פערד, פאַרלייגט די „ריענדעס״ אונ־טערן זאָטל, און אים געלאָזן שטיין נעבן טוביאַנאַ.

די פערד האָבן זיך מיט די נעז גלייך באַגריסט. דער היימישער האָט דעם פערדישן פּוס אויסגעקרומט אין דער הויך, און אַראָפּגעלאָזן די הינ־

טערשטע ליפּ, דער אורח האָט געקאָפּעט מיט די פּיס און שטיל הירזשענ־דיק געקראַצט דעם טוביאַנאַ ביים האַלדז...

זיי האָבן זיך אפּנים אויף זייער פערד־שפּראַך דורכגעשמועסט... נאָר די מענטשן צווישן זיך זיי האָבן די שפּראַך אַזוי גיך נישט געפונען... א שווייגן האָט אַלעמען באהערשט... מישאָס שווארצע אויגן זיינען פאַר־טרערט געוואָרן, ווען ער האָט זיי זיין האַנט דערלאַנגט, האָט ער מורא געהאַט אַרויסריידן אַ וואָרט, ער זאָל זיך נישט צעוויינען אויפן קול...

די נידערגעשלאָגנקייט פון דער אַרויסגעטריבענער משפּחה האָבן אַריינגעדרונגען אין מישאָס האַרץ און האָבן דאָרט ווי מיט נאָדלען גע־שטאָכן... זיין דורכגעדרונגענער בליק האָט געזען, וואָס ס'קומט פאָר ביי זיי אין האַרצן און זיין נשמה האָט אויפגעפלאַמט מיט פייערדיקן האַס.

ער האָט באַמערקט דעם אַלטן יאַנקל, וואָס איז תמיד געווען פריילעך און זאָרגלאָז, ווי בלאַס פול מיט יאוש ער קוקט אויס... ווי אַ קראַנקער, וועלכן די דאָקטוירים האָבן פאַר אומהיילבאַר דערקלערט... און וואָס קוקט אויף דער וועלט, וואָס איז געזונט און פריילעך, מיט האַס און גאַל... אַזוי האָט ער דעם אַלטן אָנגענומען.

און די פרומע דבורה, וואָס ווייזט נישט אַרויס אַזוי פיל די ליידן אויפן פּנים, און שטרענגט אָן די גאַנצע מוטער ליבע מיטן ווייבלעכן תמימות, אים אויסצוריידן און פאַרלייכטערן די ווייטיקן פון איר מאַן און קינדער, דאָך האָט מישאָס אויג געזען און געפילט וואָס אַ געפערלעכן צער און יסורים די פרוי באַהאַלט אין איר האַרצן...

און רחל'ע, אָט דאָס קליינע מיידעלע וועלכע ער געדענקט פון דער שולע אין „אליסע", ביי איר אָנבליק איז גאָר אַ גאַנץ איבערקערעניש גע־קומען אין זיין מוח...

ער האָט פאַר זיך דערזען אַ שלאַנקע רייף שיינע מיידל, אַ ווייסע געזיכט קוקט אַרויס פון אַ וואַלד בלאָנדע האָר. אַ קליין מיילכל, וואו עס בליאַסקען צוויי שורות ווייסינקע ציינדעלעך, אין דער טיף פון צוויי פור־פּער רויטע זאַנפטע פולע ליפּלעך און טראָגט דעם טרויער שטריך וואָס איז אויסגעגאָסן אויף איר גאַנץ ווען איז זי דאָך מלא חן...

ער האָט געוואָלט זען אירע אויגן, האָט זי זיי אָבער געהאַלטן אַראָפּ־געלאָזן צו דער ערד.

דאָס מיידל האָט דערפילט זיין ווארעמען בליק אויף זיך, האָט זי זיך אוועקגעדרייט און איז געגאַנגען אָנגיסן אַ מאַטע.

דאָס אַלטע פּאָרל צוזאַמען מיט מישאַן, זיינען אויף די נידעריקע מאַטע בענקלעך געזעסן און געשוויגן...

און ווען רחל'ע מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן האָט דעם גאַסט אַ מאַטע דערלאַנגט, האָט ער, מישאַ דער ערשטער דאָס שווייגן געבראָכן און בכיון געזוכט אַ שמועס אָפּצואווענדן אַביסל דעם טרויער:

— ס'ארא שיינע „פּרימאַווערא" ס'איז געקומען, סעניאָר שטיין!— ווענדעט ער זיך צום אַלטן — ווי דער פרילינג האָט אַלץ צום לעבן גע־בראַכט.

דער אַלטער האָט אָפּגעזיפצט:

— יאָ מיין קינד, מיטן פרילינג לעבט דער בוים אויף, ווי אַלט ער זאָל נישט זיין, ווערט ער ווידער יונג... אָבער נישט דער מענטש! ער, דער מענטש בליט נאָר איין מאָל... און גייט זיין פרילינג אוועק קאָן ער שוין קיין מאָל אויפבליען צוריק... אַ לאַנגער ווינטער ציט זיך פאַר אים און וויי איז דעם, ווען דער שיקזאַל פאַרגלוסט זיך אַ שפּיל טאָן מיט אים און זיין ווינטער צייט, דאַן...

דער אַלטער האָט נישט געענדיקט די רייד, דער יונגער מישאַ, וואָס האָט פאַרשטאַנען דעם זינען פון די נישט אַרויסגערעדטע ווערטער, האָט בכיון געוואָלט אַביסל ,צעשטרייען דעם אַלטן, האָט ער פאַרפירט מיט אים אַ דיסקוסיע:

— איר זאָלט דאָס זאָגן, סעניאָר שטיין? איר, אַן אַלטער קאָלאָניסט און אויך אַ שטיקל באָטאַניקער, וואָס האָט אַזויפיל בוימער געפלאַנצט, וואו קומט צו אייך די טעאָריע? מיר שיינט אז דער מענטש איז נישט ערגער פונעם בוים,ביידע געניסן גלייך פון זייער פרילינג און טרינקען דעם לעבנס זאַפט זייער גאַנץ לעבן...

דער אַלטער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און די מוטער מיטן מיידל זיינען אויך געוואָרן פאַראינטערעסירט.

— רעד, רעד, מישאַ! — זאָגט די אַלטע דבורה.

און מישאַ זעצט פאָר זיינע רייד:

— לאָמיר באַטראַכטן אָט דעם „פּאַראַאיסאָ"־בוים, מיט זיינע צווייגן און נייע געדיכטע בלעטער, מיט וועלכע דער פרילינג האָט אים איצט באַקליידט. האָט אפשר דער פרילינג דעם אַלטן שטאַם פונעם בוים ווידער יונג געמאַכט? האָט ער פיליכט איבערגעביטן זיין אַלטע געריגצלטע אַלטע קאָרע? האָט די „פּרימאַוועראַ" אויסגעגלייכט זיינע קנייטשן, צי אויסגעהיילט זיינע אַלט צייטיקע וואונדן? דער פרילינג ברענגט נאָר ארויס פונעם אַלטן שטאַם נייע גרינע, פרישע בלעטער, יונגיטשקע שיינע צווייגעלעך, ער באַפּוצט און באַצירט דעם געקאַרטשעטן בוים מיט אַ זומערדיקן גראַציעזער קרוין, וואָס דערקוויקט און דערפרייט דאָס האַרץ, און זאָגט אַ יעדן: קוקט! וואָס דער אַלטער הערלעכער בוים האָט אין זיך קאָנסערווירט... אָט דאָס שיינע יונגע זאַנפּטיקע צווייגעלע קוועלט און קומט פונעם אַלטן לעבן. אזוי איז אויך דער מענטש... בליט דען נישט אייער יוגנט, סעניאָר שטיין? באַטראַכט נאָר אייערע ערלעכע שיינע צווייגן? אָט איז אייער סעניאָריטאַ, אייער רחל'ע!

אַ רויטקייט האָט באַגאָסן דעם מיידלס פּנים, זי האָט אויפגעהויבן אירע בלויע אויגן און אַ הייסן קוק געגעבן אויף דעם יונגן בחור און זי איז אַוועק אָנגיסן אַ מאַטע.

דער אַלטער וואָס האָט געליבט זיין בת יחידה, מער ווי זיין לעבן, האָט ווידער אַמאָל אַ שווערן זיפץ געגעבן:

— אַ שיינע בלום זאָגסטו, מישאַ. די בלום אין פעלד, האָט אָבער מיט דעם פרילינג אַלץ וואָס זי דאַרף צו איר עקזיסטענץ, די נאַטור האָט זי מיט אַלץ נויטיקעס פאַרזאָרגט... אָבער מיר, וואָס קען איך דער בלום געבן? מיין לאַגע!.. דו ווייסט דאָך...

אַ שוואַרצער שאָטן האָט פאַרדעקט דעם אַלטנס פּנים און די קינבאַקן האָבן ביי אים פון זיך אַליין קאָנוואולסירט...

— אַלץ, אַלץ, האָבן זיי ביי מיר צוגענומען.

מישאַ האָט אויף זיך געפילט רחל'עס הייסן בליק. אירע צוויי בלויע אויגן האָבן אַריינגעדרונגען אין דער טיף פון דער נשמה, האָבן דאָרט אָנ־

גערירט עפּעס אַ דרימלענדיקע געהיימע סטרונע, וועלכע ער האָט ביז דאַן גאָרנישט געפילט... און אַ ים מיט געדאַנקען און געפילן האָבן אָנגע־פאַנגען ברויזן און שטורעמען אין זיין מוח. זיי האָבן זיך געיאָגט איינס ס'אַנדערע, געשטויסן און זיך צעפאַלן, זיך ווידער אַמאָל צוזאַמענגעקו־מען און זיך איינע דער אַנדערער איינגעשלונגען אַזוי ווי די כוואַליעס פון ים... ער, מישא, האָט קיין איינציקן פון אָט די מחשבות געקענט כאַפּן... נאָר איינס האָט ער יאָ געזען... אין סאַמע צענטער פון דעם געדאַנקען קאַ־ראַהאָד, בליצן אַרויס צוויי בלויע אויגן, און זייער קוק איז אַזוי טרויעריק און אַזוי שאַרף.

ער האָט מיטלייד געהאַט אויף די אַרויסגעטריבענע, די אַרויסגע־יאָגטע פון זייער היים.

צווייטנס, האָט ער רחמנות געהאַט אויך אויף די אַרויסטרייבער.

פּלוצלינג האָט אַ קליינינקע מחשבה ביי אים זיך אויפגעפּלאָנטערט פון דעם גאַנצן קאַראַהאָד. און שטיל, אַזוי שטיל — אַז די איבעריקע האָ־בן כמעט נישט געהערט — אַ זאָג געטאָן אים אין האַרץ:

דיין פאָטער האָט דיר צוויי הונדערט העקטאַר לאַנד ירושה געלאָזן, דו האָסט אויף זיי נישט געאַרבעט. מעגסטו דיר איינער אַליין צונעמען אַזאַ גרויסן שטח ערד?

דער לעצטער שטילענקער געדאַנק, האָט זיך מער פון אַלע איינגע־עגבערט אין זיין מוח.

מישא איז אַזוי געזעסן פאַרטראַכט, געצויגן די זשערוואַ פונעם רעדל, וואָס איז שוין לאַנג טרוקן געווען.

דער אַלטער יאַנקל האָט זיך געפילט אָנגעשטרענגט פון דעם שמו־עס, האָט אַריינגענומען זיין גרויע באָרד איןביידע הענט, געקוקט צו דער ערד און געשוויגן.

עס איז טויט שטיל געווען.

דבורה וואָס איז געזעסן אַנטקעגןביידע, האָט מישאַן באַטראַכט און מיט איר פרויען אינסטינקט האָט זי אין אים עטוואָס באַמערקט... זי האָט געוואָרפן אַ בליק אין דער זייט וואו איר רחל'ע אַזוי געשטאַנען און

פון איר אויף מישאן... און אום אַנצופאַנגען אַ שמועס ווענדעט זי זיך צו איר אַלטן:

— דו האָסט דיר איינגערעדט, מיין מאַן, אַז גזלנים, רוצחים זיי־נען אונדז באַפאַלן, און האָבן אונדז פשוט באַגזלט און בעראַבעוועט... אָט דערפאַר אַליין איז דיר אַזוי שווער און לײדסט שרעקלעך...

אָבער ווען מיר וועלן צוריק רעכענען האָבן זיי דאָך גענומען זייערס, וואָס זיי קומט... זיי האָבן דאָך גענומען מיט „בוסטיסיא”...

— נישט אַזוי מישא, וואָס זאָגסטו?

דער יונגערמאַן, וואָס האָט שוין געהאַט ביי זיך כמעט ווי באַש־טימט עפּעס אַ פּלאַן, האָט נערוועז געענטפערט:

— ניין, סעניאָראַ! מיר יונגע גלויבן אין אַ גאָר שענערער וועלט, מיט פיל שענערע משפּטים!

ער האָט נישט געענדיקט ריידן. אַ פאַרפלאָמטער און צעטראָגענער האָט ער זיך אויפגעהויבן פונעם בענקעלע, האָט אַ יעדן געגעבן די האַנט:

— אַדיאָס!

ווען ער האָט דער סעניאָריטא רחלען די האַנט דערלאַנגט, איז עפּעס אַ ציטער זיי ביידע דורכגעלאָפן...

זיינע שוואַרצע אויגן האָבן ווי מיט פייער געברענט, די אויגן דעק־לעך פון דער מיידל... זי האָט זיי לאַנגזאַם אויפגעהויבן; צוויי ימים: דער שוואַרצער און דער בלויער האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן.

— צום גיכן ווידערזעען, רחל'ע, האָבן זיינע ליפּן ווי פון זיך אַליין ארויסגערעדט אין דער שטיל.

און איידער מ'האָט זיך אומגעקוקט, איז ער שוין אויפן פערד גע־זעסן און אַוועק אין אַ דריבנעם גאַלאָפּ.

---

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר וואָכן צייט, די קאָלאָניע האָט ווידער אַמאָל אויפגעקאָכט. עס האָט גערעשט, געטומלט, דער נאָמען מישא „ציפּער־בלאַט” איז געלעגן ביי יעדן אין מויל.

איינינקע האָבן געזאָגט, אַז מישא איז פון זינען געווירט... גענומען

דאָס לאַנד און אַוועקגעשאָנקען... עפּעס אַ „קאָמון“ מיט די אַרויסגעטרי־בענע געשלאָסן...

אַנדערע האָבן גערדרונגען אַז אַ ליבע שמעקט דערינען. נישט אומ־זיסט האָט ער אַריינגענומען דעם אַלטן יאַנקל מיט די בנים און די מויד צו זיך אין טשאַקרע און זיי אַוועקגעגעבן דריי פערטל פון זיין ירושה...

דער אַלטער זישע, אָן דעם גראָבן פינגער פון זיין רעכטער האַנט, אַ איד אַ זקן, וואָס האָט שוין דריי קיסרים איבערגעלעבט, — האָט דער־ציילט — אַז ער ווייסט שוין פון לאַנג, אַז דער אינגל מישאַ איז אַראָפּ פון דרך הישר. ער האָט נאָך דעם אַלטן שמואל עליו השלום, — מישאַס פאָטער — אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם, אַז דער אינגל זיינער שניידט זיך אויף „ניהיליסט“ רחמנא לצלן. פאַרן קיסר ניקאָלאַי האָט מען אַזעלכע אויפגעהאַנגען...

אַ אידענע, אַן אַלמנה, האָט דערציילט, אַז ביי מישאַן אין שטוב מאַכט מען „סאָבראַניעס“. עס קומען זיך צונויף קאָלאָניסטישע קינדער און אויך פיל אַרבעטער, די פּעאָנעס און עס איז ביי זיי עפּעס אַ חברותא וואו ס'איז נישטאָ „מיינס“, נישט „דיינס“...

זיי שרייבן זיך איבער מיט דער יוגנט פון אַנדערע קאָלאָניעס, אַז מען זאָל זען נישט לאָזן אַראָפּטרייבן קיין קאָלאָניסט פון זייער לאַנד — מעג ער נישט האָבן געצאָלט די ראַטע אין אַדמיניסטראַציע אַפילו זעקס צי אַכט יאָר — סיידן מ'זאָל באַצאָלן פאַר זיין 25 יעריקער אַרבעט... און — דערציילט זי בסוד א יערן באַזונדער — ווען נישט דער אַלטער יאַנקל וואָס דערלאָזט נישט די חברה... וואָלטן זיי שוין ווייסעך וואָס אָפּגעטאָן אין קאָלאָניע...

אַזוי האָט מען גערעדט און דערציילט פאַרשידענע מימרות. די אָרע־מע קאָלאָניסטן, די צוריקשטייענדיקע מיטן יערלעכן „אַנואַלידאַד“ זיינען צופרידן געווען מיט די „סקאַזקעס“, זיי האָבן סימפּאַטיזירט מיט דער יוגנט.

— וואָס דען? — האָבן זיי געטענהט — נעמען נאָך 25 יאָר צייט, וואָס דער קאַמף האָט דורך אונדזערע הענט, אונדזער בלוט און שוויים, אַזוי פיל פראָגרעסירט, האָט די ווערט באַקומען 300 פּעזעס אַ העקטאַר

און אַרויסשמייסן דעם קאָלאָניסט און זיך צונעמען דאָס לאַנד? מאַכן „דע־סאַלאָכאָס"? זאָל די יוגנט זיך אָנעמען פאַר אונדז, נישט דערלאָזן!..

די רייכע קאָלאָניסטן, די וואָס האַנדלען מיט פּי, און שטייען אויף אַ פריינטלעכן פוס מיט די פאַרוואַלטערס פון דער ערד און וואַרפן אַן אויג אויפן אָרעמאַנס שטיקל ערד... די האָבן געדרונגען, אַז ס׳איז „מעשה אינגל"... וואָס הייסט, טענהן זיי, הפקר מאַכן אַ וועלט? און אַז דער קבצן וועט גאָר נישט וועלן צאָלן? צי ער וועט זיך הייסן באַצאָלן פּופּציק טויזנטער פאַר זיינע 25 יאָר אַרבעט? נו, איז וואָס? איז עס מענטשלעך יושר־דיק?! גיי באַצאָל פּייוויש בערן, אָט דעם אביון אַזאַ מטמון מיט געלט? צאָל אים צוריק 300 פּעזעס אַ העקטאַר לאַנד, אַז נישט גייט ער נישט אַראָפּ פונעם קאַמפּ!.. און צאָלן דעם „אנואלידאד" וועט ער „לכשירחב"... עס וואָלט שיין אויסגעזען די וועלט, מען זאָל לאָזן די יונגע שקצים באַ־לעבאַטעווען...

און „זלמן קארפּ", אָט דער וועמען די אדונים פון דער ערד האָבן די פעלדער און די שטיבער פון די אַרויסגעטריבענע אים אָוועקגעגעבן, אויף אים האָט נעבעך געציטערט די פעל... און אַלס שמירה האָט ער די באַוואוסטע „קמיע" אויסגעפונען..:

ער איז אומגעגאַנגען און יעדן אין אויער אַריין אַ סוד דערציילט:

דער אַלטער שטיין, מיט די בנים, אויך די בלאָנדע מיידל און די אַלע באַרוועסע פּעאָנען, זיינען פון דער כאָליערע, וואָס בושעוועט איצט אין אייראָפּע און „מישאַ ציפערבלאַט" איז אַריינגעפאַלן, ער איז נעבעך געוואָרן אַ באָלשעוויק...

# דאָס גאוטשל „ישמח משה"

דער אלטער ר' נתן האָט זיך פרייוויליק אָנגעבאָטן צו מאכן א טור איבער די קאָלאָניעס, אום צו באקוקן די פעלדער פון נאציאָנאל־פאָנד קאָסעטשע, און אויך שקלים פארקויפן. האָט אים די אגודה א יונגיטשקן אינגל פאר אַ באַגלייטער מיטגעגעבן.

די וועגן זיינען זייער בלאָטיק און גריבערדיק געוועזן, האָבן זיי ביידע דעם טור רייטנדיק דורכגעמאַכט.

אין באַגינען זיינען זיי אויפן שליאַך פון דער קאָלאָניע „לא עספּעראנסאַ" האַרט איינס נעבן צווייטן געריטן. די פערד אויסגערוטע און אָנגעפרעסענע האָבן פריילעך זיך די מאָרדעס איינער דעם אַנדערן געריבן אונטערגעהירזשעט און געטופעט מיט די פיס.

שטיל און פאַרטראַכט זיינען די רייטער אינעם ווייכן זאָטל געזעסן. געקוקט פאַרגאַפט אין דעם דורכזיכטיקן נעפּל, וואו דער מאָרגן שיילט זיך אַרויס און ווי ס'שפּילט זיך דאָס ליכט מיטן נאַכטיקן שאָטן.

און דער מאָרגן איז טאַקע אַ שיינער געקומען: אַ בלווילעכער, אַ קלאָרער ווי אין אַ קאָשמאַר געוויקלט, האָט ער זיך אויף די פעלדער צעשפּרייט, איינהילנדיק אין גלאַנציקן שימער די לאַנגע בייטן מיט ווייץ, קאָרן און ליאָן.

דער מזרח האָט זיך גענומען צינדן און אָפּגעשפּיגלט פון ווייטן די ווייס געקאַלכטע קאָלאָניסטישע הייזלעך, באַגילדעט די קליינע וועלדלעך, די סעדלעך מיט די צוויטענדיקע דוראַזנאָ בוימער, אַ גאַלאַנדרינע האָט זיך ערגעץ אויף א בוים צעזונגען און א גאַנצער כאָר פויגעלעך האָבן אָפּגעענטפערט.

דער יונגער רייטער האָט דער ערשטער דאָס פערד אָפּגעשטעלט און באַגייסטערט אויסגערופן:

— איר הערט ר׳ נתן? ווי שיין! זעט נאָר ווי רייך, באַטראַכט נאָר דעם ליאָן, געדיכט ווי אַ באַרשט, אַ גליק, פּאַלאַבראַ!

— וואָס דען — ענטפערט דער אַלטער מיט אַ זיכערן שטאָלץ, אונדזער ארץ ישראל! פון דאָרט פון יענע הימלען קוועלט דאָך די שפע ברכה אויף דער גאַנצער ערד.

— דענקט איר, אַז די היגע תבואה האָט אַ יניקה, אַ ברכה פון יענע הימלען? ס׳איז אביסל איבערטריבן!

— אינגל וואָס דו ביסט!

— אינגל, זאָג! וואָס פאַרדריסט דיך?

— ס׳פאַרדריסט, פאַרוואָס האָבן מיר נישט דאָרט אין ארץ ישראל אזא רחבות, אַזאַ רייכן באָדן, אַזעלכע שיינע פעלדער מיט ברויט?

— קינד וואָס דו ביסט, אונדזער ארץ ישראל איז שענער, רייכער, האָסט ווייזט אויס קיין חומש נישט געלערנט, קליינער!

דער אינגל האָט זיך געפונען באַליידיקט און געוואָלט אביסל ווייטאָן דעם אַלטן. און נעמט אים נאָכקרימען:

— אינגל! אינגל! מער ווייסט איר נישט, איר זקנים לעבט מיטן עבר — מיט די זכרונות פונעם חומש... און מיר לעבן דאָ אין דעם פרייען, ליכטיקן, זאטן אַרגענטינע, וואו ס׳איז דאָ ברויט, פרייהייט און אַזאַ רייכע ערד...

—נו, אין דאָרט האָבן מיר עס דען נישט?

— דאָרט האָבן מיר שטיינער און זומפּן, וואו אונדזערע חלוצים גייען אָפּ מיט בלוט און שווייס, און עס דאַרף נעמען יאָרן און יאָרן ביז מ׳וועט דאָס אויסרייניקן. און וויפל אידן קענען גאָר אין גאַנצן אַריין אַהין? ס׳איז דאָך אַ קליין פּיצל, אָרעם לאַנד...

— נו, וואָס זשע ווילסטו? ס׳איז דאָך אונדזערס, ארץ האבות! אַ קליינע ירושה האָט אונדז דער טאַטע געלאָזט, אָבער אַ גוטע, אַ שיינע, אַן אייגענע! און מירן זי אויפלעבן, אויפבויען...

— א ירושה! אָ, ירושה! אָ דאָס פאַרדריסט מיך, פאַרוואָס האָט גאָט אונדזערע עלטערן אַרגענטינע אָנשטאָט פּאַלעסטינע נישט געגעבן?

— מעשוגענער אינגל, וואָס דו ביסט! מיר זיינען דאָך עלטער פון אַרגענטינע, וויפל איז דען אין דעם אַז מ'האָט אַרגענטינע אַנטדעקט?

— מעשוגענער אינגל! יאָ, איך זייט דריי מאָל עלטער פון מיר, האָט איר שוין מער אַ פּאָר טויזנט מאַטעס אויסגעטרונקען פון מיר...

אין די אויערן האָט אים פּלוצלינג אָפּגעקלונגען ווי דאָס וויינען פון אַ קינד און די געדאַנקען איבערגעריסן. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען ווי פון אַ סלעפּקע צווישן דעם ליאָן, איז אַ צעשראָקן האָזל אַרויס, איז אויף די הינטערשטע פיסלעך אַ רגע געשטאַנען, מיט די גרויסע פּחדנישע אויגן אים אָנגעקוקט און מיטן שליאַך גלייך זיך לויפן געלאָזן.

דריי הינט פאַרסאָפּעט, נאַס, מיט אַ שטילן בילן, זיינען פון דער תבואה אַרויס און נאָך דעם האָזל זיך געיאָגט, דאָס אָרעמע באַשעפעניש האָט זיך געדרייט אין אַ זיג־זאַג און געוויינט. דאָס געיעג האָט דעם רייטער דערגרייכט און דעם פערד איבערגעשראָקן. ער האָט אָנגעהויבן קאַרקיווירעווען. זיך דיבאָם געשטעלט און כהרף עין איז דאָס אינגל אויף דער ערד געלעגן...

— אַ מצוה אויף אים, האָט ר' נתן אַ טראַכט געטאָן, און איז צו אים צוגעריטן.

— לייבל, לייבל! — שרייט דער אַלטער — שטיי אויף לייבל!

ער הערט גאָרנישט, ער האַלט פאַרמאַכט די אויגן, ער חלשט... דער אַלטער נעמט אים רייסן, מונטערן.

— „נאָ סע אַסוסטע", שרעק זיך נישט — הערט ער אַ קול הינטער זיך — אַ שוואַרצער גוי שפּרינגט פון אַפערד אַראָפּ, כאַפּט אַרויס דאָס מעסער, לייגט עס צו דעם אינגל צו די שלייפן, קוועטשט און לייבל עפנט די אויגן. קוקט זיך אַרום און זעצט זיך באַלד אויף.

— קע ווערגאונסאַ, כאָוועך! אַ שאַנדע יונגערמאַן! — לאַכט דער שוואַרצער. דער סיינאַ זאָל דיך אַרונטערוואַרפן? זע נאַר ווי דו האָסט די הויזן אויפגעשפּאַלטן...

— דאָס האָסטו א עונש געהאט פאר דיין מרגלים־צונג, האָסט גע־רעדט שלעכטס אויף ארץ ישראל, — זאָגט אין א געלעכטער ר׳ נתן.

דער שוואַרצער הויבט אויף פון דער ערד דאָס שקלים ביכעלע, וואָס עס איז פון לייבלס קעשענע אַרויסגעפאַלן, פּראָשעט עס אָפּ און דערלאַנגט עס אים, און מיט זיין דינעם קעלכל זאָגט ער:

— קריך ארויף אויפן סיינא וועלן מיר צופאָרן דאָ נישט ווייט אין באָליטשע, וועט דאָניאַ סאַרא אַ נאָדל פאָדים געבן די הויזן צו פאַרנייען.

דאָס קול פונעם גאוטשאָ, אויך די צורה, איז ר׳ נתנען ווי באקאנטלעך פאָרגעקומען, אָבער ער האָט זיך נישט געקענט דערמאָנען ווער ער איז.

דער אינגל האָט זיך דערוויל בארואיקט. און זיי זיינען אין דרייען צום שענק צוגעריטן.

אַ יונג ווייבל איז ביים מאָסטראַדאָר געשטאַנען, האָט מיט אַ גאַו־טשאָ זיך איבער אַ פּאָר באָמבאַטשאַס געדונגען.

דער שוואַרצער האָט ביי איר אַ נאָדל פּאָדים געבעטן און דעם אינגל דערלאַנגט, ער איז אין גאלפּאנטשיק אַריין די תחתונים זיך צו פאַריכטן. און ר׳ נתן מיטן גאוטש זיינען אין באָליטשע אריין.

דער אַלטער בצלאל, דער שענקער, האָט זיך באַשעפטיקט מיט אַ פּאָר גראָבע איטאַליענער וואָס זיינען ביי אַ טישל איבער קאָלבאַס געזעסן. ער האָט א פלאש געטראנק אין האנט געהאלטן און גלעזלעך מיט דער משקה זיי דערלאַנגט.

ער האָט ר׳ נתנען דערזען.

— האַ! אזוי פרי דאָ אין „לאַ עספּעראַנסאַ"? וואָס טוט איר דאָ? שלום עליכם!

דער אַלטער האָט אים דערציילט אַז זיי פאָרן וועגן ארץ ישראל.

ווען ר׳ נתן האָט דעם אלטן בצלאל דערציילט וועגן דער שרעק מיטן אינגל, האָט דער אַלטער צום גאוטשאָ זיך אָנגערופן:

— ס׳איז דיינע הינט, די שוואַרצע? אודאי דער פּיקאסע! דו וועסט צאָלן אַ שטראָף, הערסט! — זאָגט ער אים אין אידיש און קלאַפּט אים אין פּלייצע.

— אַ שטראָף? ענטפערט דער גאוטשאַ און שלעפּט אַרויס אַ פינף פעזעדיק פּאַפּירל — נאַט אייך!

ר' נתן האָט אויפגעעפנט אויף אים די אויגן, קוקט אָן די ברוינע צורה און פאַרבייסט אַ ליפּ.

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר רבי נתן, איר האָט מיר נישט דערקענט?

ווער ביסטו עס? אַ איד, אַ קאָלאָניסטישער זון?

דער אַלטער בצלאל האָט זיך צעלאַכט:

— ס'איז דאָך „ישמח משה"! דער דאָניאַ מאַמערטעס זון — אונדזער ערשטע מילדת. די באָבע אונדזערע! וויפל מאָל האָבן זי די קאָלאָניסטן רייטנדיק אויף זייערע פערד באַנאַכט געפירט, זי האָט דאָך אַלע ערשטע קינדער ביי אונדזערע ווייבער אָפּגענומען!

— טפוי זאָלסטו ווערן!.. אָ דאָס ביסטו דער קליינער שייגעץ „ישמח משה"? וואָס פאר א גרויסער גוי דאָס איז אויסגעוואקסן! קענסט נאָך היינט אויך אַזוי זינגען? וואו ביסטו די גאַנצע צייט געווען? וואו איז דיין מאמע? לעבט זי נאָך? רויכערט זי אלץ נאָך אירע ציגארעטלעך?

— וואַרט אַ ווײַלע — איך וועל אייך אַלץ דערציילן, איך וועל צו־ערשט נעמען עפּעס אין מויל אַריין. ער גייט אַוועק צום מאַסטראַדאָר, וואו דאָס ווייבל איז געשטאַנען און הייסט געבן אַ קאָניאַק, איינס, צוויי און דריי.

דער אַלטער בצלאל בויגט זיך צו צו ר' נתנען:

— דו ווייסט ווער ער איז, דו ווייסט וואָס די ווייבער האָבן זיך דעמאָלט געסודעט איבער אים.

— ווייס איך וואָס ווייבערישע צונגען קענען ריידן.

— נו, יאָ ווייבער — אָבער אַ שיינע ווייבל איז זי געווען — לאַכט בצלאל — זי האָט זיך דאָך געריִמט, אז זי שטאַמט פון די אנוסים. „אגי־לאַר", איז איר פאמיליע נאָמען געווען און מ'האָט געמורמלט אז ישמח משה איז...

דער אַלטער האָט נישט געקענט ענדיקן די רייד, ווייל לייבל מיטן גאוטשאָ זיינען צוגעקומען.

— אַט פרעג זיי אונדזערע וויעכּאָס, — זאָגט דער גאָוטשאָ, איך האָב פינף פעזאָס אַ שטראָף פאַר דיר באַצאָלט, איצט דאַרפן מיר זיך ביידע „אַמיגירן״, איבערבעטן. מירן נעמען אַ גוטן פאַרבייסן. מיינע הינט האָבן דיר לייד געטאָן, איך וועל זיי מאַטאַרן פאַלאַבראַ. איך בין נישט שולדיק, קאַראַמבאַ! דו קענסט מיך נישט, ווען איך מיט מיין מאַמע זייַנען ביי איך אין שטוב געווען ביסטו נאָך אויף דער וועלט נישט געווען, דיין פאָטער דער „פינאַדאָ״ אַ גוטער מענטש געווען.

דאָס אינגל איז אָבער בייז געווען אויף אים, און איז זיך אַוועקגעגאַנגען.

— לאָז אים לויפן דעם „פיבע״ זאָגט דער שענקער צום גאָוטשאָ — נעם בעסער זינג אַביסל דעם „ישמח משה״.

דער גאָוטשאָ איז שוין שיכורלעך געווען און געענטפערט:

— איך קען, איך געדענק, „ישמח משה״. איך קען אַלע ברכות וואָס דער רבי אברהמל האָט מיט די קינדער אין „אַליסער״ שולע געלערנט.

— דו ביסט אַ איד? פרעגט אים דער שענקער און ווינקט צו ר׳ נתנ׳ן מיטן אויג.

— איך ווייס נישט, איך בין פאַרשריבן אַגילאַר אויף דער מאַמעס נאָמען.

— האָסט גאָר קיין מאָל נישט געפרעגט ווער דיין טאַטע איז?

— איך האָב געפרעגט וועגן מיין פאָטער, נאָר זי, די מאַמע, האָט ניט געענטפערט. פאַרן טויט האָט זי פונעם האַלדז אַראָפּגענומען אַ בייטעלע און מיר דערלאַנגט. ער צעשפּיליעט זיך דאָס העמד און ווייזט אַ קליין פלאַטשיק בייטעלע, וואָס הענגט ביי אים אויפן האַרצן.

— עפן דאָס בייטעלע, לאָמיר זען, וואָס איז דאָרט?

נאָ סע פועדע, נאָ סע פועדע! דרייט ער מיטן קאָפּ. ער איז אָבער ווייכער געוואָרן. גענומען אַ מעסער און דאָס בייטעלע אויפגעשניטן.

אַ שקל פון ווין, פון יאָר 1908, איז דאָרט געלעגן.

דער אַלטער בצלאל האָט אַ זייטיקן בליק געגעבן צום טישל, וואו לייבל איז געזעסן און ר׳ נתנען אין אויער אריין אַ זאָג געטאָן:

— זיי זיינען שוין ביידע אויף דער אמתער וועלט.

# יאָסל

— וואָס איז די אײלעניש יאָסל? ווען דו שלאָפסט נאָך אביסל, עס הויבט דאָך ערשט אָן זשאריען אויף טאָג!

— איי, לאָז מיך געמאך מיט דיין טריישאפט, שרהקע! ס'איז שוין סוף יוני, אונדזער שכן האָט שוין לאנג געענדיקט דאָס זייען. און איך...

— וואָס־זשע, ווילסט זיך גלייכן צו דאָן אוסקיינא? א גוי מיט אזעלכע זעקס שקצים!

א זיפץ א שטארקער האָט זיך אין חלל פון שלאָף־צימער געהערט, און א בעטל האָט א סקריפע געטאָן:

— וואָס, דו טוסט זיך טאקע אָן, יאָסל? וואָס ענטפערסטו נישט?

— נישטאָ וואָס צו ענטפערן, מ'דארף אויפשטיין איינשפאנען די זיי־מאשין, מיינע קינדער זיינען...

— וואָס, דיינע קינדער? דו האָסט פאראיבל אויף זיי? האָבן זיי זיך געזאָלט האלטן בא דיינע 80 העקטאר לאנד? זיי זיינען דאָך שוין טאטעס פון קינדער!

— נו יאָ, ווער האָט צו זיי טענות? די ארבעט פאלט דאָך אָבער איינגאנצן אויף מיר.

— יאָ, אויף דיר אליין. אין די יאָרן און אזא שווערע ארבעט. אָבער דו מיין מאן ווילסט אזוי, ביסט אן עקשן און א גדלן! א כליפ האָט זיך אינעם טונקעלן חדר צעטראָגן. דער ווינטער מאָרגן, האָט א שוואכע קאלטע שיין דורכן פויערישן פענסטערל ארייגעשיקט, און די אלטע לייט האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט.

— וואָס־זשע, כליפּעסט שוין, שרהקע? וואָס האָסטו געוואָלט זאָל איך טאָן?

— וואָס זאָלסט טאָן? וואָס אַלע האָבן געטאָן.

— וואָס? פאַרקויפן דאָן אוסקיינאַן דאָס לאַנד?

— פאַרוואָס נישט? 40 טויזנטער וויל ער געבן. פאַר דעם געלט קע־נען מיר זיך אַרומצאָלן און...

— און וואָס? וועלן קומען די קינדער: דעם לײ אויס, און דעם גיב אַזוי אביסל געלט ביז זיי וועלן עס צעשלעפּן און מירביידע וועלן זיך אין מושב זקנים מוזן איינבעטן, אַזוי ווי אונדזער מרדכי דיניץ און שלום נייבערג.

— נו, איז נישט פאַרקויפן, קענסטו דאָס פעלד פאַרדינגען און פון דער רענטא...

— זאָג, זאָג, שרהקע! וואָס ביסטו שטיין געבליבן? אריינציען זיך אין שטאָט, בעטן גאָט פאַרן גוי, ער זאָל האָבן די ברכה, ס'זאָל אים געראָטן, כדי ער זאָל אונדז די אַרענדע קענען צאָלן...

אז איך קום אין שטאָט און קוק אָן מיינע אמאָליקע קאָלעגן... אָך, שרהקע, שרהקע. רייד גאָרנישט פון זיי. מענטשן קאָלאָניסטן וואָס האָבן געפּאָפּערט זייערע יונגע יאָרן איינצונעמען די ווילדעניש, זיך געראַנגלט מיט די ווילדע אָקסן, געשטאָכן געוואָרן פון ווילדע גאַוטשאָס, אויפגעריסן ששת־ימי־בראשיתדיקע סטעפּעס גיבורים העלדן, און היינט ליידיקגייער, וואָס גייען אַרום פון איין פריזבע צו דער אַנדערער. קוקן נאָך יעדן דורכ־גייער און זעטיקן זיך מיט בעטן דעם רבונו של עולם פאַר זייערע גוים די אַרענדאַטאָרס... איידער אַזאַ בעטן, שרהקע טייערע, זאָלן מיר בעסער בעטן גאָט פאַר אונדז אַליין. ער זאָל אונדז געבן געזונט, כוח אויף צו אַרבעטן אַליין די ערד, און די ברכה פאַר אונדז אַליין, אויסבעטן...

— אפשר ביזטו גערעכט, אָבער דער סוף, דער סוף?

— וואָס פאַר א סוף ווילסטו? דער סוף פון א יעדן מענטשן...

— אָ דאָס מיין איך טאַקע מאַן מיינער. נאָך אונדז איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר... זיי וועלן דאָך סיי־ווי־סיי דאָס פעלד פאַרקויפן. זעקס קינדער אויף 80 העקטאַר...

— איז וואָס? ווילסטו מיר זאָלן עס אַליין פּאַרקויפן? ווייסטו וואָס? איך טו עס! כ'לעבן איך טו עס! נאָר לאָמיר פּאָרן קיין ארץ ישראל און דאָרט וועלן מיר פאַר דעם געלט א קליינע נחלה קויפן.

און יאָסל הויבט אָן מאָלן פאַר איר וואָס פאַר אַ גליקלעכע עלטער זיי וועלן דאָרט געניסן — אַ ניי לעבן, א אידיש, א זיכערס און א שיינס. יענע פעלדער קענען נישט פאַרפרעמדט ווערן... ער איז אריין אין עקסטאז, גע־רעדט היים און פאַרגעסן צו ווענען אַפילו ער רעדט. ער האָט געשיל־דערט יענע טאָלן, יענע בערג, און ווי זיס און ליכטיק ס'קוקט די צוקונפט צו די אַלע אידן, וואָס עמיגרירן אַהין. ער האָט פאַרגעסן אין דער אַרבעט וואָס װאַרט אויף אים, פאַרגעסן וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט, נאָר האָט זיך אינגאנצן איבערגעטראָגן אהין אויף די הרי יהודה און זיך שוין אַ גליקלעכער געזעען דאָרט.

א געוויין, הויך אויפן קול, האָט אים צו זיך געבראַכט. אראָפּגע־שלעפּט אים פון די „גילבוע“ בערג און זיין בליק צום ווייבס בעטל געקערט.

— וואָס, דו וויינסט גאָר, שרהקע? וואָס איז דיר?

— וואָס איך וויין? — דו ביסט אַ קאַלטער גזלן!

— איך אַ גזלן?

— יאָ, יאָ! אַ גזלן, אַ רוצח! ווילסט, אוועקרייסן אַ מאַמע פון די קינדער, ווילסט מיך אוועקשלעפּן אין דער פרעמד? זעקס קינדער, אכצן אייניקלעך, ווער וועט מיך דאָרט באַוויינען? ווער וועט מיר די אויגן צו מאַכן? — און זי ברעכט אויס אין אַ יאָמער־געוויין.

— האָסט רעכט, שרהקע, אָבער בארואיק זיך, הער אויף צו וויינען, איך וועל גיין מאכן א מאַטע. אָט ברענג איך דיר אריין א מאַטע.

ער האָט ארויפגעשלעפּט אויף זיך דאָס לייבל און איז אַרויס פון שטוב. אַ פראָסטיקע קעלט האָט אים אַ ווייע געטאָן אין פּנים. די ווייס־קייט, וואָס איז געהאנגען אויף די בוימער און באַדעקט ווי מיט אַ שניי די גאַנצע „פּאַטיע“ האָט אים שטארק געבלענדעט אין די אויגן. מיט ביי־דע זשמעניעס האָט ער דאָס פּנים פאַרשטעלט מורמלענדיק צו זיך אַליין: א מאַמע! אַ מאַמע! דער הימל אין דער הויך און די ערד אין דער טיף, און דאָס האַרץ פון דער מאַמע... און וואָס קען איך איר זאָגן? ווייסט זי, פילט

זי די בענקשאַפט וואָס איך טראָג אין מיין הארץ? א שאָרך פון די פיס האָט אים איבערגעשלאָגן.

— אָ דו ביזט עס? מיין טייערער „בופאל“. און דער הונט האָט אים מיט זיינע לאַפּעס אַרומגענומען די פיס, האָט אויסגעשטשירעט זיינע ווייסע ציין, געקוקט אים אין די אויגן און געקלאַפּט מיטן עק אין דער פאַר־פרוירענער ערד.

ער האָט אַ גלעט געטאָן דעם „בופאל“ איבערן קאָפּ, און איז צום פּלומפּ צו. וואַסער אַף מאַטע אָנשעפּן. סטאָפּ! דאָס הענטל פון פּלומפּ איז צוגעפרוירן און רירט זיך נישט פון אָרט.

— שרהקע! — שרייט ער אין צימער אריין: א לעק וואַסער נישטאָ, פאַרגעסן איינצורעקן די באָמבע, — וועסט אזוי גוט זיין און מיר שפּע־טער אַ מאַטע אין פעלד אַריין אַרויסברענגען און ער איז אַוועק איינשפּאַ־נען די פערד.

צערודערט איז ער אויף דער קעלניע פון מאַשין אַרויף, און אַ פּאַך געטאָן מיטן בייטש: — שטעלט פיס פערדעלעך מיינע! היינט ענדיקן מיר דעם פּאַסיעוו.

די פערד האָבן אָבער נישט גערן געפאָלגט. פאַמעלעך און פאַרזיכ־טיק האָבן זיי געטאָפּעט מיט די קאָפּיטעס די פאַרפרוירענע ערד. געפּאַרש־קעט מיט דער נאָז און מיט מורא געבראָכן דאָס אייז איבער די קאַליוזש־קאַלעך וואַסער, וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג. ער איז קוים מיט זיי אַרויף אויפן געאַקערטן פעלד. אַראָפּגעלאָזט די פאַלאַנקע פון דער זיי־מאַ־שין, און אַ זאָג געטאָן: „וואָמאָס קינדער!“ די פערד האָבן גערירט. די מאַשין האָט זיך באַוועגט, אָבער אָנשטאָט די דיסקאָס זאָלן זיך איינשניידן אין דער טיף פון רעלאי און מאַכן פּלאַץ פאַר די גומענע רעדלעך אריינ־צולאָזן די זריעה אין דער מוטער ערד, האָבן זיי גאָר פון אויבן אַרומגע־טאַנצט, און די קערנער ווייץ זיינען אַף דער אויבערפלאַך געבליבן.

— קאַראַמבאַ! אַ סיבירסקער פראָסט היינט געפאַלן! פאַרקאָוועט די ערד, מ׳מוז וואַרטן אויף דער זון.

ער האָט אָנגעשטאָפּט די לולקע, פאַרויכערט, און זיך גענומען קוקן צום מזרח. אַ רויטע סטענגע האָט זיך דאָרט אינעם האָריזאָנט געצויגן,

זיך געטוקט און געביטן אין פארבן און אין פארעם. קאלירטע פרענדזלעך האבן זיך צעשאטן אין דער ברייט און אויסגעבילדעט פון זיך אזוינע גינ־גאלדענע אפענע שטאנגען, וואס צווישן זיי האט זיך גערוקט דאס בלא־סע פנים פון דער ארגענטינער ווינטער זון.

יאסל האט זיך א דריי געטאן:

— קום, קום ארוים דו געטין פונעם לעבן! ווי שיין דו ביסט! נישט אומזיסט האבן די ערשטע דורות געקניט פאר דיר... די קאלטע ווייסקייט, וואס האט א גאנצע נאכט באדעקט דאס פעלד האט זיך פאר דער זון ווי דערשראקן און איז שווארץ געווארן.

א דינינקע פארע האט זיך אין דער הויך געהויבן. שיכטנווייז האבן זיי זיך אליץ העכער און העכער געטראגן און א זיסע ווארעמקייט האט זיך צעגאסן איבערן פעלד.

א מחנה ווייסע פייגל מיט שווארצע פיסקעלעך „גאביאטאס" זיינען פון אונטער דער זון אנגעפלויגן, האבן זיך אויסגעשטעלט פאזע דער סור־קע פון רעלאי און אויף זייער שפראך ווי געזאגט: נעם לאז די מאשין, מירן דיר העלפן צו דער ברכה. מיר עסן נישט די זאמען, מיר קלויבן נאר אוים די ווערימלעך, די אינזעקטן וואס קענען פארדארבן דאס ברויט.

יאסל איז געזעסן און געריווכערט די לולקע, געקוקט אויף דער שיי־נער מארגן פאנאראמע און נישט גערירט זיך פונעם ארט. שטיל איינגעאר־בעט, זיינען זיך געשטאנען די פערד. געביטן א פוס איבער א פוס. רואיק איז געלעגן „בופאל" אנגעשפארט דעם קאפ אויף די פעדערשטע לאפעס און, הנאה געהאט פון דער ווארעמער זון.

פלוצים האבן זיך די פערד ווי אנגעהויבן צו שרעקן, האבן אויפגע־שטעלט די אויערן און א ריס געטאן אין דער זייט. בופאל האט א ברום געטאן. יאסל האט אנגעכאפט די לייצעס און זיך ארומגעקוקט.

א רייטער אויף א שטארקן פערד האט זיך איבערן געאקערטן פעלד געטראגן און איז אנגעלאפן גלייך אויף אים.

— בוענאס דיאס, ר' יאסל?

— טפוי זאלסטו ווערן! דו ביסט עס חיים? פון וואנען לויפסטו עס כאור הבוקר? האסט מיר שיעור איבערגעשראקן די פערד.

— פון פּאַטשט, ר׳ יאָסל! איי איז דאָ נייעס! א יאָ איך האָב אייך אנומלט געזאָגט... נאט זעט לייענט די בלעטער. איי זיינען דאָס יונגן, איי זיינען דאָס ליטעראטן! א טייערע חברה, ר׳ יאָסל.

— וואָס מיר לייענען? איך דאַרף ענדיקן זייען, איך בין נאָך היינט א ניכטערער, אפילו קיין מאטע נישט געטרונקען.

— אַ ניכטערער? אַזוי? מעגט איר דאָך...

— שטיל שייגעץ! איך לאָז דיר אַראָפּ אַ בייטש, — וואָס איז מיט דיר די שמחה אזוי גרויס?

— אַ שמחה, פּאַלאַבראַ. נאַט לייענט, געקומען יונגע מענטשן, פּרעמ־רע, גרים, גענומען א בעזים אין האנט, ארויס אין גאַס און מ׳קערט, מ׳רוימט דעם שמוץ, און דער פּאָרעך גייט. און די אינזעקטן שטיקן זיך... איי איז דאָס יונגען. שרייבער מיט מוט, ענערגיע, איי, איי!

— זע נאָר, ווי ער האָט זיך צעטאַנצט? — האָסט זיי אַ פּנים שטאַרק ליב די גאסן קערער?

חיים האָט אַ זיפץ געטאָן:

— ליב? זאָגט נישט אזוי. דאָס איז היינט זייער אַ פּשוט פּראָסט וואָרט. מ׳האָט דאָס וואָרט „ליבע” מיט זייער פיל אומריינע ליפּן גענוצט, איז עס געוואָרן פארשוועכט, באנאל און אומווירדיק... בעסער זאָגט, איך בין זיי מקנא.

יאָסל האָט אַ שמייכל געטאָן.

— מקנא? אַז אָך און וויי! גענומען און אויפגעשטורעמט אַ שטאָט מיט מענטשן!

— איר האָט רחמנות אויף דער שטאָט? פאַרוואָס קוקט זי זיך נישט אַרום אויף דעם באַרג מיסט וואָס זי פאַרמאָגט? איר ווייסט וויפל שרצים ס׳האַלטן זיך אין איר?

— נו, ווילן די יונגע שרייבער אויסראָטן זיי? ס׳איז פאַר זייער כוח? ס׳איז דאָך אַן אַלטע, אַלטע קרענק. נישט זיי, די אָרעמע ליטעראטן, זיי־נען ביכולת אויסקורירן דאָס.

— זיי וועלן שוין קורירן, ר׳ יאָסל! האָט נישט קיין מורא, זייער גאָפּל איז שאַרף, ער קריכט אין דער טיף. זיי רייסן אויף די אַלטע מכה און גיסן אין איר אַזעלכע שאַרפע שטאָפן...

— הערסט חיים, ביזט נאָך גאָר א אינגל, מ׳זאָל וועלן א ריכטיקן הכשר אויף אַלעם און אַלעמען דאַרף חרוב ווערן חלילה אַ וועלט.

אויסהערנדיק די לעצטע ווערטער, האָט חיים זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן פערד און איז אַוועקגעריטן. יאָסל האָט אים נאָכגעקוקט ביז ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן און אַ טרייב געטאָן די פערד.

# ראש השנה אין פעלד

אין דרייען זיינען מיר צום מנין אין דער צווייטער גרופּע געגאַנגען.

באַנאַכט האָט אַ רעגנדל געטריפט. קליינינקע קאַליזשעלעך וואַסער זיינען אויף דעם וועג געשטאַנען. דאָס פעלד באַגאָסן מיט גאָלד פון דער אויפגייענדיקער זון, האָט געבלענדעט אין די אויגן. פון ביידע זייטן שליאַך האָבן זיך גרינע פעלדער פאַרזייטע מיט אַלערליי תבואות געצויגן, און די טראָפּנוואַסער פונעם באַנאַכטיקן רעגנדל אויף די תבואה קעפּלעך האָבן געפּערלט, אַז ס׳האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג.

דער פעטער שלמה מיט זיינע פעטע מיט פוטער אויסגעשמירטע שטיוול לכבוד ראש־השנה איז פאָראויס געגאַנגען. זיין גרוילעכע צעקעמטע באָרד, די ווייסע פאַטשיילע אַרום זיין האַלדז, האָבן זיך פונעם לייכטן גלעטנדן מאָרגן־ווינטל ריטמיש באַוועגט. זיין הויכע ברייטע פיגור מיטן גרויסן קאָפּ און פריילעכן פּנים האָט זיך אין די קאַליזשעס וואַסער אָפּגעשפּיגלט, מיט פעסטע טריט האָט ער געשפּאַנט, און ווי מיט גאוה אויף די ברייטע תבואה פעלדער געקוקט.

די מומע דבורה, מיט אַ ווייס זיידן טיכל אויפן קאָפּ, מיטן אַלטן גרויסן מחזור אונטערן אָרעם איז בנעימות מיט אַ שטילער פרומקייט אַ פאַרטראַכטע געגאַנגען.

די פרישע געזונטע לופט, דער „ריח שדה״ האָט ווי מיט פּערפומען געשמעקט. איך האָב זיך געפילט אַזוי גוט, אַזוי אויפגעלייגט, אַז איך האָב זיך כמעט ווי נישט וועלנדיק צעזונגען אויפן קול.

— געפעלט דיר דאָס פעלד? שטאָטישער געצל פיזיק — זאָגט דער פעטער און צעלאַכט זיך.

— שליאָמע! — גיט די מומע אַ זאָג ברוגזלעך — ס'איז היינט ראש השנה!

— און אַז ראש־השנה איז וואָס דבורה?

— ראש השנה לאַכט מען נישט, ס'איז נישט אַ טאָג פון לאַכן, חוזקן... מ'שרייבט עפּעס דאָרט...

— מ'שרייבט, דבורה! נו, זאָלן זיי שרייבן, אזא יאָר ווי פאראיאָרן בעסער האָט קיין שיעור נישט.

— יאָ, מ'זאָל וויסן, מ'זאָל ווערט זיין! — גיט די מומע אַ זיפץ אין דער שטיל.

— ווערט זיין, זאָגסטו? פאַרוואָס זאָלן מיר נישט ווערט זיין? מיר האָבן דען חלילה, עמיצן שלעכטס געטאָן, באַגזלט, באַראַבעוועט? צו אפשר האָסטו, דבורהלע, עפּעס געזינדיקט, האָ?

— און ער צעלאַכט זיך אויפן קול.

— געזינדיקט, געזינדיקט, — ענטפערט די מומע בייז, ווי מיט מורא — די תחינה זאָגט, אַז יעדער מענטש איז פול מיט זינד... און ווי די שעפעלעך פאַרן פאַסטוך, אַזוי גייען אַלע מענטשן היינט דורך. ס'איז יום־הדין.

— האָב נישט קיין מורא, מיין טייערע, פאַר דער תחינה מיט איר יום־הדין, אָבער פאַר אונדז איז היינט יום־טוב, ניי־יאָר! און ס'ווייזט זיך גאָט זיי דאַנק, אַ גוט יאָר: זע, קוק די תבואות אויפן פעלד. אַ מחיה! וואָס זאָגסטו שטאָטישער?

ער האָט נישט געענדיקט, ווייל אַ גרויסער געלער הונט מיט אַ פאַטלאַטע קאָפּ איז פון אַ הויף, וואָס באַם וועג, ארויס און מיט אַ הייזעריק בילעריי אויף אונדז זיך געוואָרפן.

אַ גראָבער איטאַליענער מיט אַן אָפענעם בוזים, דער פאַטראָן פון הויף, האָט זיך באוויזן, אָפּגעטריבן דעם הונט און מיט אַ פריינטלעכן בוענאָס דיאַס, „פעלים אַניאָ נועוואָ" זיך געגריסט צו אונדז.

— בוענאָס דיאַס, גראַסיאַס, דאָן אסקיינאַ: — ענטפערט דער פעטער־

טער און שטרעקט אים אויס זיין ברייטע האַנט. — ס'וועט זיין אַ גוט יאָר, דאָן, אַ גוט יאָר, סי, סי, סי! — זאָגט ער ווי באַשטימט.

— דיאָס קיערע... האָכאַלאַ! — ענטפערט דער איטאַליענער. איר גייט דאָך איצט רעסירן אין דער סינאַגאָגאַ, דאָרט באַם מאַטאַרעפאַ „שוחט" — בעט פאַר אונדז אויך...

— פאַר אייך? — לאַכט דער פעטער — וואָס זשע איר קענט אַליין נישט בעטן? מיר האָבן אַלע איין גאָט.

— מיר? — ווערט דער קריסט רויט ווי אַ בוראַק — מיר, עט! אַז ס'קומט אַ יום־טוב שכורן מיר...

— און דו גלויבסט אין אונדזער רעסאַרען, דאָן?

— יאָ, איך גלויב! דאָן סאַלאָמאָן — זאָגט דער גוי ווי באַשטימט,— איך זע, זינט איך האָב דאָס לאַנד פונעם „פינאַדאָ", געשטאָרבענעם סאַמועל פלאַקס, בא אייך אין קאָלאָניע געקויפט, האָט מיר דאָס גליק אויפגעשיינט. איך האָב מיטן פּראָדוקט פון לאַנד פאַר דער ערד באַצאָלט. און האָב מיר דעם הויף מיטן גאַלפּאָן אויסגעבויט. ס'איז אַ גליקלעכע ערד אייערע... וואַרט אַ ווײַלע, איך וועל אייך עפּעס מיטגעבן...

ער לאָזט אונדז שטיין, לויפט אריין אין הויף, ברענגט אַרויס אַ פּעקל ליכט, און אַ יונג מיידל, אַ שייגינקע טראָגט אַ בינטעלע ווייסע פרישע רויזן.

— נעם מיט, דאָן סאַלאָמאָן, די „וועלאַס", ליכט אין אייער סינאַגאָגע — בעט זיך דער קריסט — און דו כואַניטאַ גיב די בלומען דעם קאַוואַזשעראָ — ווייזט ער אָן אויף מיר.

דער שטאַרקער איד, דער פעטער מיינער האָט זיך אַ דריי געגעבן מיט זיין גאַנצן גוף, די הויט אויפן פּנים האָט ווי אַ ציטער געטאָן. מיר האָבן זיך געזעגנט מיטן קריסט, און שטיל, נישט אַרויסריידנדיק אַ וואָרט, האָבן מיר אַלע דריי ווייטער געשפּאַנט.

פּלוצלינג גיט זיך דער פעטער אַ קער צו מיר:

— טשע, שטאָטישער געצל־פּיזיק, ווי געפעלט דיר דער גוי? — ווען נישט ראש השנה, וואָלט איך עפּעס געזאָגט.

— וואָס וואָלט איר עפּעס אַזוינס געזאָגט, פעטער?

— איך וואָלט געזאָגט, אַז שמואל פלאַקס האָט פארקויפט די ערד, דאָן אסקיינא, האָט געקויפט... און קוק אים איצט אָן, דער איז געזונט, רייך, מיט אַ פריילעך הארץ און יענער ליגט אין דער ערד. און זיינע קינ־דער? רבונו של עולם!

— וואו זיינען זיי דען, רב שמואלס קינדער, פעטער?

— עט, די קינדער זיינע זיי האָבן גויעס...

— גויעס? האָבן זיי חתונה געהאַט מיט גויעס?

— חתונה גאָר? זיי האָבן אזוי זיך עטלעכע הונדערט גויעס „מאַ־ריעס", רופט איר זיי דאָרט... און לעבן פון זיי אַ מעשוגענעם טאָג.

— דאָ מיינט איר שוין מיך צו טרעפן — פעטער?

— און אַז דיך איז וואָס? מיינסט, אַז עס טוט מיר נישט וויי, אַז מיין שוועסטערס זון האָט געוואָרפן די אגריקולטור און ציט זיין חיונה פון קוענטע.

— איך שלאָג דערמיט כפרות — פעטער, פאַלאַברא! איך וואַרף עס אוועק. וואָס דען בין איך געקומען אהער? איך אנטלויף פון שטאָט.

# דער צילענדריסט

רופן, רופט מען אים: דער צילענדריסט; אלע קאלאניסטן פון קליין ביז גרויס, ווייסן קיין אנדער נאמען ניט: צילענדריסט. אפילו די קינדער פון דער קאלאניע, די גאוטשאס רופן אים סעניאר צילענדערא.

אין עמיגראנטן בוך בא דער אדמיניסטראציע, איז ער פארשריבן מיט דעם נאמען: יוסף סאפירשטיין פון כערסאנער גובערניע, אלט 22 יאר. געקומען דעם 2־טן יאנואר 1903. און ווייל ער איז אנגעקומען פונקט אין דער צייט, וואס די דרעש־מאשינען דרעשן דעם ווייץ אין קאלאניע, און ער איז געווען דער ערשטער איד צווישן אלע קריסטן, וואס איז ארויף אויף דער „טריזשאדארא" דרעש־מאשין צו „געבן די סנאפעס און באראבאן" אין צילענדער, האט אים די קאלאניע געבענטשט מיטן נאמען: צילענדעריסט.

אין די צוויי יאר, וואס ער געפינט זיך אין קאלאניע, האט ער זיך אזוי באליבט געמאכט צווישן אלע, אז יעדער קאלאניסט גיט אים אפ דעם גרעסטן כבוד. עס איז א ערע, אז דער צילענדעריסט ארבעט בא איינעם פון אונדז; און ארבעטן ארבעט ער אלץ. ס'איז גאר קיין שווערע מלאכה בא אים נישט פאראן. אקערן, זייען, גראבן ברונעמס, בויען הייזער, א.ד.ג. ער ווייסט נישט פון קיין פחד, פון מורא, איז קיינמאל נישט מרה־שחורהדיק, תמיד לוסטיק, פריילעך, זויבער, ריין, תמיד איז זיין ווערטל: „עתידה ארץ ישראל שתתפשט בכל העולם כולה". ארץ ישראל וועט זיך צעשפרייטן איבער דער גאנצער וועלט, מיינט מען ארגענטינע אויך".

ווען ס'טרעפט זיך אמאל א קאלאניסט איז פארכמורעט, פאריאמערט

וועט ער אים נישט אָפּלאָזן, ביז יענער גייט אוועק פון אים פריילעך, מונ־טער: ער האָט עפּעס אַזעלכע ווערטלעך, אַזעלכע רייד, אַזאַ זיסע שטימע, אַזעלכע צוויי גרויסע שוואַרצע אויגן, אַז ער גיט אַ קוק איז ווי אַן עלעקט־רישער שטראַל זאָל דורכגיין. אַלע ביינער. אַפילו אַ פּאַראַליזירטער, מוז ווערן לוסטיק, פריילעך.

באַזונדער פריילעך זעט מען אים, זייט עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די רוסיש־יאַפּאַנישע קריג. און אַ נייער עלעמענט יונגע לייט זיינען אָנגעקו־מען אין קאָלאָניע. ער איז געוואָרן דער רבי, דער פירער פון די „גרינע״. ער ווייזט זיי ווי צו אַרבעטן, גיט זיי מוט, ענערגיע צו דער אַרבעט. זעט איר, ניקאָלאַיס סאָלדאַטן — זאָגט ער, ווייסט איר וואו איר געפינט זיך? אין אַ אידישער קאָלאָניע, 10 טויזנט העקטאַר ווייץ באַאַרבעט מיט אי־דישע הענט, מער פון איין מיליאָן פּוד ווייץ, וועט מאָוריציאָ אַרויסגעבן דאָס יאָר.

— „ווייסט איר, זאָגט ער מיט אַ שמייכל, אַז ס׳קען זייער לייכט זיין, אַז דער ווייץ, וואָס אונדזערע ברידער האָבן באַאַרבעט מיט זייער שוויס, וועט פאַרקויפט ווערן נאָך רוסלאַנד, און די קאַצאַפּעס וועלן עסן אונדזער אידיש ברויט? און מיט דעם כוח טאַקע ברעכן דאָרט אידישע ביינער, שלאָגן שויבן, ראַבירן קראָמען, נאָר רעכט אויף זיי, וואָס ליגן זיי דאָרטן אין דעם עיפּוש חושך׳דיקן לאַנד, וואַרטן ביז ס׳וועט זיך פאַרגלוס־טן דעם שכורן באָסיאַק שענדן זייערע טעכטער, פּלינדערן זייער אָרעמ־קייט!

עפּעס אַ מאָדנער מענטש איז ער דער צילענדעריסט, אַז ער הויבט אָןריידן ווערן אים זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן נאָך גרעסער, פונקען פּיי־ער שפּריצן זיי, אַ ס׳ווערט אַזש וואַרעם באַם האַרצן. ס׳גלוסט זיך נישט אַוועקצוגיין, נאָר הערן און שלינגען יעדעס וואָרט.

מיט צוויי וואָכן צוריק אין מיטן פון דער קאָסעטשע, טרעף איך אים גיין פון איין גרופּע, טראָגנדיק אַ פּעקעלע אין האַנט.

— „וואָס מאַכט איר, וואוהין גייט איר, און וואָס טראָגט איר אין האַנט? סעניאָר צ...״

— זאָגט, זאָגט ווייטער — ענטפערט ער מיט אַ שמייכל, צילענדעראָ

— ווילט איר זאָגן, האַ! איך שעם זיך נישט מיט דעם נאָמען. אָט טראָג איך טאַקע דאָ, די בגדי כהונה פון סאַמע תכלת. אַ בלויע בלוזע מיט אַ פּאָר הויזן, אַ פּאָר ברילן פון דעם זעלבן קאָליר, און מאָרגן מאַכן מיר שהחינו, מיר הויבן אָן דרעשן אידישן ווייץ, דאָ די צווייטע גרופּע פון אייך, הויבט נאָר אויף די אויגן. גיט נאָר אַ קוק, זעט איר ווי עס וואַקסן די פּאַרוועס, יעדער מינוט קומען צו נייע, פרישע, גרויסע פּאַרוועס־ברויט. עס טאַנצט דאָס הארץ פאר פרייד, אידיש לאַנד. אידיש ווייץ. און אידישע הענט האָבן זיי ארויסגעצויגן פון דער מוטער ערד. און מיר אידן הויבן זיי אָן דרעשן.

אָה! איר קוקט מיך אָן? איר זיינט קאַלט פאַרפרוירן, פאַרשלאָפן, די געוואוינהייט האָט באַ אייך געגרויבט יעדעס וואַרעמע געפיל. ס׳מאַכט אויף אייך קיין איינדרוק, איר האָט פאַרגעסן די פאַבריקע קאָסעטשעס מיט די פרעמדע אַרבעטער, די געשרייען פאַטראָן! קאַניע... רוסאָ דע... איר האָט פאַרגעסן דעם שבת, אַז דער קריסטלעכער אַרבעטער האָט אייך צוריקגעשטויסן דעם קוגל, און האָט זיך זונטיק געהאַלטן באַם בויך פון דער „מאַלאַ" קאָמידאַ"... איר האָט פאַרשטאָפּטע אויערן. איר הערט נישט, אַז אויף דעם אָרט, וואו איר פלעגט מוזן הערן סקריפּען די האַרמאָניע, צימבלען די גיטאַרע, דאָס מרה־שחורה ניגונדל פון דעם מיט דער „טשיריפּאַ"; הערט איר היינט זינגען אייער ברודער דעם „עוד לא אבדה", דעם „שיבת ציון", אָדער גאָר דאָס פריילעכע ליד „די סאָכע". יאָ! איך זאָג מיינס. איר פילט נישט, וואו איר זיינט, און וואָס איר זיינט. ס׳דאַכט זיך אייך, אַז ס׳קומט אייך אַזוי. און אייניקע פון אייך זיינען נאָך נישט צופרידן, פרעגט, רעדט מיט מיינע קאָלעגן. אָט די פריש אָנגעקומענע עמיגראַנטן. ערשט קוים מיט דעם לעבן אַנטלאָפן פון דעם גרויסן יאָמער־טאָל פון דחקות, אָרעמקייט. זיי וועלן אייך דערציילן, זאָגן, אַז איר זיינט גליקלעכע, און וואוינט אין ארץ ישראל.

„אדיע! — זאָגט ער — אַז איר ווילט קומט מאָרגן באַ דער מאַשין. איך וועל אייך דערציילן אַ קליינע געשיכטע, וואָס וועט אייך אינטערעסירן, איר שרייבט דאָך אַמאָל אין אַ צייטונג".

אויף מאָרגן, נאָך דעם געשפּרעך, האָב איך געהערט די מאַשין הו־

זשעט, פייפט, מ׳דרעשט שוין. אָבער די צייט האָט מיר נישט געטראָגן צוצוגיין. דעם צווייטן טאָג, ווען איך בין צוגעקומען האָט גראָדע די מאַ־שין געפייפט מאַטע. מ׳האָט אָפּגעשטעלט די מאַשין, דער צילענדעריסט איז אַראָפּגעקומען פונעם דאַך, נאָך מיט איינעם, אַ שלאַנקן בלייכן יונגנ־מאַן, ביידע געקליידעט אין בלויע בלוזעס מיט ברילן אויף די אויגן. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער אַראָפּגעכאַפּט די ברילן און מיר אויסגע־שטרעקט די האַנט.

איך קען אייך — זאָגט ער — פאָרשטעלן מיינעם אַ חבר, אַ בן עיר, טאַקע דעם רב׳ס זון פון מיין שטעטל. ער האָט נישט געוואָלט פאַרזוכן דעם קוגל־רייז פון די יאַפּאַנער, איז ער געקומען אהער טרינקען „מאַטע קאַסידאַ״, אהה! קוקט אים נאָר אָן ער גיט סנאַפּעס אין צילענדער, איך לערן אים די אַרבעט, נאָר עפּעס מאָראַליש איז ער נישט צופרידן.

איך האָב באַטראַכט דעם יונגן מאַן. הויך, שלאַנק, צאַרט געבויט. גרויסע אויגן, אַביסל שרעקנדיקע, סימפּאַטיש בלייך. אַ ציידענער יונגערמאַן מיט אַ ברייטן שטערן און ווייסע הענט.

— נו, געפעלט אייך די אַרבעט? די קאָלאָניע?..

— „די אַרבעט זאָגט ער״ — געפעלט מיר זייער, נאָר... אָבער... דער כלל, אין אַלגעמיין...

ער האָט צוזאַמענגעקנייטשט דעם ברייטן שטערן, און האָט אויס־געשטעלט די אויגן אויף זיין קאַמפּעניאָן. דער צילענדריסט האָט געגע־בן זיין געוויינלעכן שמייכל און געזאָגט:

— לאָזט! איך וועל אייך ענטפערן פאַר אים, איך האָב שוין מיט אים וועגן דעם פיל דעבאַטירט, זעט איר — זאָגט ער — דעם חבר מיינעם, ער איז, געווען באַ אונדז אין שטעטל דער ערשטער פייערדיקער ציוניסט, ווען ס׳איז אַרויס דער פּראָיעקט פון אוגאַנדאַ, איז דער חבר מיינער גע־ווען מיט דער שטימונג פאַר אוגאַנדאַ. זאָלן אידן האָבן דערווייל אַ שטיקל היים, אַ שולע וואו צו לערנען זיין גוטע אַקערבויער, און געטרייע בירגער פון אונדזער ציון. נאָר ווען מיין חבר איז געקומען אהער אין קאָלאָניע און ער זעט מיט זיינע אויגן מיט וואָס פאַר אַ ציל אידן אַרבעטן ערד,

איז ער באַ זיך זייער געפאַלן. ער זאָגט, אַז אידן קענען זיין אַקערבויער אומעטום. אין אוגאַנדאַ, אין ארגענטינע, אָבער ציוניסטן קענען זיי זיין נאָר אין ציון. טאַקע נאָר אין ארץ ישראל, אָדער אמווייניקסטן אין די לענדער וואו מ׳פאַרפאָלגט זיי. ער גלויבט, אַז ווען ס׳זאָל קומען אַ מאַן ווי עזרא, און וועלן אַרויסנעמען די מאוריציער קאָלאָניסטן קיין ציון, וואָלטן זיי אים געהערט ווי די אידן פון תימן האָבן געהערט דאַמאָלסט עזראן אין כורש צייטן. די קאָלאָניסטן — זאָגט ער — האָבן זיך איינגעפלאַנצט, איינגעבויט. די קינדער ריידן שפּאַניש, פון דער אַלטער הייליקער מוטער שפּראַך ווייסן זיי אבסאָלוט נישט. זיי געדענקען גאָרנישט אין אונדזערע לענדער וואָס ליגן נעבן לבנון, ירדן, בשן וכרמל, זיי אַרבעטן מיט אַ ציל: אָפּצאָלן וואָס גיכער דער יק״א דעם קאָנטראַקט, פאַרבלייבן גוט באַזיצער און בירגער. אָט דורכדעם איז מיין חבר אַזוי געפאַלן, עס שמעקט אים נישט די פרעמדע קאָלאָניזאַציע.

# דער שוועסטערס מתנה

עס איז געווען א הייסער זומער, מענטשן זיינען פון היץ ממש געפאלן, יעדער פון שטאט האט געזוכט ערגעץ־וואו א קיל ווינקעלע צו באהאלטן זיך פון דער ברענענדער זון.

די פארמעגלעכע זיינען ארויסגעפארן אין די בערג, נעבן די ימים, אויף דאטשעס, און די ארעמע האבן זיך אין די קעלערס באהאלטן.

מיר האבן געהאט א מומע, דער מוטערס א שוועסטער, וואס האט געוואוינט אין א קליין שטעטל נעבן ריא קאלאראדא, צווישן קילע גרינע בערג, בין איך מיט מיין אינגערער שוועסטער ארויסגעפארן אויף וואקא־סיאנעס צו דער מומען, דארט איבערצוזיין די הייסע צייט.

מען קען פארשטיין ווי די רייזע האט אונדז געפרייט, איך בין דע־מאלסט געווען אין די בעסטע בליענדע יארן; געענדיקט דאס ערשטע יאר פאקולטעט, און די שוועסטער מיינע איז אלט געווען 17 יאר. און אזוי ווי מיר זיינען ביז דעמאלסט קיינמאל ניט ארויסגעפארן פון „קאפיטאל", האט אונדז די „וויאכע" זייער אמוזירט. אלץ איז בא אונדז געווען ניי. נייע מענטשן, נייע שטעט, נייע זיטן; די מומע מיט איר פאמיליע האבן אונדז זייער ווארעם אויפגענומען, באזונדערס האט אונדז פאראינטערע־סירט דער מומעס עלטערע מיידל, א פריילין פון א יאר 17, אין די זעלבע יארן פון מיין שוועסטער, און וועלכע האט אויך דעם זעלבן נאמען גע־טראגן, „אניטא", נאך דער מאמעס מוטער.

דער אונטערשיד פוןביידע סעניאריטאס איז נאר געווען, וואס מיין

שוועסטער איז געווען א בלאָנדע מיט העל־גאָלדענע האָר, און די צווייטע, א ברונעטן מיט טונקל סאמעט־שווארצע האָר.

דער מומעס אניטא, אויסער דעם, וואָס זי איז געווען א זעלטענע אָריענטאלע שיינהייט, איז זי נאָך דערצו געווען זייער א פריילעכע, אָן אָפּנהארציקע און פרייע זודיקע קאמפּ־נאטור...

עס איז איבעריק צו זאָגן, אז די צוויי מיידלעך, מיין שוועסטער און זי, זיינען גיך צוגעזאָדן געוואָרן איינע צו דער צווייטער, פּשוט ווי צוויי קערפּערס מיט נאָר איין נשמה.

און איך? וואָס זאָל איך זאָגן!

איך בין שיעור משוגע געוואָרן פון פרייד. מיר פלעגן זאלבע־דריט קלעטערן אויף די בערג, רייטן אויף די שטארקע און פלינקע „פּעטיסאָס", אָבער דאָס גרעסטע פארגעניגן ביי אונדז איז געווען דער טייך; פון באָדן זיך איז קיין רייד ניט געווען. מיין מומעס מאַן — דער פעטער — איז געווען א פארמעגלעכער, האָט אן אייגענע „קופּאלניע" באם „ריאָ" גע־האט; נאָר אויף א לאָדקע זיך שיפן, דאָס איז געווען פאר אונדז אזוי איבעראַשנד און אזוי אמוזירנד, אז מיר האָבן געשטראַלט פון פרייד; די שיפס־קאַפּיטאַנין אונדזערע, אום צו פירן דאָס שיפל אויפן וואסער, איז די שווארצע געווען; — מיט דעם נאָמען „שווארצע" האָבן מיר דעם פעטערס „אניטא" געקרוינט — זי, אויסער וואָס זי איז אלס די בעסטע שווימערן אין שטעטל פארעכנט געווען, האָט זי אויך א שטארקע און גע־שיקטע האנט געהאט, צו האלטן דעם רודער און צו קערעווען דאָס שיפל, אויסמיידנדיק יעדע שטראָמענדע כוואליע, אָדער אַן אָנקומענדע לאָדקע, מיט דער געשווינדקייט פון א געניטן שיפס־קאַפּיטאַן.

אזוי האָבן מיר געלעבט א משוגענעם טאָג. געפאָרן רייטנדיק, גע־קלעטערט, געשיפט זיך אויפן טייך.

שיפן זיך, דאָס איז דאָס בעסטע און גרעסטע פארגעניגן געווען בא אונדז.

באזונדער אינטערעסאנט איז געווען, ווען מיר האָבן געדאַרפט דורכ־גיין מיטן שיפל א שמאָלן „פאסאָ" צווישן די בערג, אויף וועלכע ס'איז

אויפגעבויט דער זיבן־זיילנדיקער בריק, וואָס ציט צוזאמען ביידע בערג, און וואו די איינוואוינער פון שטעטל האָבן אויסגעקליבן פאר זייער בעסטן שפאציר־פלאץ.

דאָס וואסער איז דאָרט זייער א שטראָמענדער; עס שטראָמט אזוי שטארק, אז מען דאַרף האָבן אן אייזערנע און געשיקטע האנט צו רודערן, אָפּצוהאלטן די ווענטלעס און צו האלטן דאָס לייכט־וויגנדיקע שיפל אין סאמע מיטן, אום עס זאָל זיך ניט אָנקלאפּן אין איינע פון די זיילן, אָדער זיך אָנשטויסן אָן א צווייטנס שיפל און צעשמעטערט ווערן אויף פראך.

דאָס ערשטע מאָל, ווען די „שווארצע" האָט אונדז דעם „פאסאָ" דורכגעפירט, האָבן מיר זיך גוט געשראָקן און צוגעמאכט די אויגן... אָבער נאכהער, מיט עטלעכע מאָל דורכגיין, און אונטערן פריילעכן געלעכטער פון דער געניטער מאטראָזין... האָבן מיר געפּאטשט בראוואָ דער שווארצער פירערן, גלייך מיט אלע אויף דער בריק־שטייענדע, וואָס אפּלאָדירן יעדן שיפער, בפרט נאָך א יונגע מיידל, וואָס פירט דורך קונציק דעם שטראָמענדן „פאסאָ". מיט דער צייט זיינען מיר אזוי איינגעוואוינט געוואָרן מיט דעם שיפן זיך, אז מיר האָבן ניט געפילט קיין שום געפאר. א פּאָר מאָל נאָר האָט זיך געמאכט, אז מיין שוועסטער — „אניטא די ווייסע" — האָט פלוצים אויפגעציטערט, בעת מיר זיינען דורכגעפלויגן אין מיטן, דורך דעם געדרייטן פארשוימטן פול מיט פינע־שטראָם, פון דעם „פאסאָ", און זי האָט אָנגעכאפּט דער שווארצער בא דער טאליע אויסשרייענדיק — אָט א דאָ, פאלן מיר...

אָבער מיר האָבן זיך פון איר אויסגעלאכט און דאָס צוגערעכנט צו די אָנגעהערטע פילע אומגליק־געשיכטעס, וואָס מען דערציילט זיך אָן איבער יעדן אָרט, וואו עס שטראָמט א פלוס.

דאָס יונגע געזונטע לעבן, וואָס האָט געשטראָמט אין הארץ, האָט יעדער שרעק און פאנטאסטישע וואסער־לעגענדן פארטריבן פון אונדז, און אונטער דער קאָמאנדע פון דער שווארצער שיפס־קאפּיטאנין, די שיינע אניטא, האָבן מיר טאָג־טעגלעך אין וואסער זיך געפּליוסקעט.

עס פארשטייט זיך, אז איך בין תמיד געשטאנען ביי דער זייט פון דער שיפערן און בין געוואָרן איר געהאָרכזאמער שילער... און זיך גע־

לערנט האלטן א וועסלע און דעם רודער אין האנט. אין א משך פון צוואנציק טאָג צייט, האָב איך זיך שוין אזוי ווייט אויסגעלערנט, אז מיין קאפּיטאנין, האָט מיר פארטרויט דעם רודער אין האנט, און איך האָב אליין דורכגעפירט דאָס שיפל דעם שטראָמענדן געפערלעכן דורכגאנג.

מיט שטאָלץ האָב איך ארויפגעקוקט צו די שפּאצירנדע אויבן אויפן בריק, וועלכע האָבן מיר זייער בראוואָ מיט די הענט געצייגט... נאָר ווי דערשטווינט בין איך געוואָרן ווען צווישן די שפּאצירנדע, האָט מיר איינער אן אלטער מאן געדראָעט מיט זיין שטעקן, ווי איינער זאָגט: „קונדם היט זיך!"

עס האָט מיר פארדראָסן אויפן אלטן, און איך האָב שוין געהאט אָנגעגרייט די צונג מיינע, זי אים ארויסצושטעלן ווייט אריבער דעם וואסער, נאָר ווען איך האָב א בליק געגעבן אויפן פּאטריארכאלישן פאר־זאָרגטן פּנים, מיט זיין ערנסטן אויסזען, האָב איך די צונג גלייך אריינ־געכאפּט צוריק. א שוידער איז מיר ניט ווילנדיק אריבער דעם לייב, א געהיימע סטרונע אין הארצן האָט ווי א צאפּל געטאָן...

אָבער דאָס געלעכטער פון די מיידלעך האָט מיך ניט געלאָזט קלערן, די „שווארצע" האָט מיר א דריק געטאָן אין זייט:

— דו ביזט א גוטער פירער מאנועל!..

דאן האָב איך דעם מעלאנכאָלישן איינדרוק פונעם אלטן אינגאנצן פארגעסן, און האָב אזוי ווייטער געדרודערט, געזונגען און פריילעך גע־שפּאסט. לוסטיק און פארגעניגנד האָבן מיר אלע דריי פארבראכט די צייט, געשלונגען און געשעפּט דאָס לעבן אין זיך, אזוי ווי די בינען אומ־געפלויגן, אין אלע גערטנער און סעדער, וואו נאָר בלומען האָבן געוואקסן, און די זון האָט אירע גאָלד־שטראלן צעשפּרייט, דאָרטן זיינען מיר אלע דריי פול געוועזן און איינגעזויגן אין זיך דעם אראָמאט פון לעבן, פון טייך, בלומען, גאָרטן, פלאנץ און וואלד.

א פּאָר מאָל האָב איך נאָך באגעגנט די פארזאָרגטע בליקן פון דעם אלטיטשקן באם דורכלויפן מיטן שיפל דעם טייך, און כ'האָב געוואָלט פרעגן בא אניטאן: — ווער ער איז? און וואָס שטייט ער תמיד דאָ אָנגע־

שפּארט אויפן געלענדער פון בריק? נאָר, ווער קאָן אין זינען האָבן יענעם, ווען מען איז אין דעם מצב פון דער ערשטער ליבע? ווען אין הארצן ברענט, ווען אלע חושים זיינען פארנומען נאָר מיט זיך? ווען, אז בילכערס און נויטיקערס, זיסערס און טייערערס אויף דער וועלט, אויסער איר... עקזיסטירט גאָרניט...

ווען די זון שיינט נאָר פאר דיר און איר... ווען דאָס לעבן גיסט זיך דיר אזוי זיס, מילד; ווער האָט דאָס עפּעס געדאנקען פאר יענעמס איך?

געווים האָב איך ניט געפרעגט...

און די טעג זיינען זיך געלאָפן, מיר האָבן זיך דערווייל געבאָדן אין תענוג און אין גליק. איך האָב נאָר איין וואונטש געהאט, אז די טעג זאָלן זיך ציען וואָס לענגער, און דער זומער זאָל אייביק דויערן.

דאָס גליק אָבער, האלט לאנג ניט אָן! אפּנים אז ער, איז ניט קיין פארגינער. אלעם נאָר פאר זיך? ער רייצט זיך נאָר מיטן מענטשן, און קוועלט נאָר אָן, ווען ער פארשאפט אים ליידן... אָט איז ער פאר אים א שיין, שטעלט אים פאָר, א שיינע לוסטיקע פּאנאָראמע, מאָלט פאר אים א לעבעדיק באצויבערנד בילד, שאפט פאר אים א רייכע און אָנציענדע אטמאָספערע, און ווען דער מענטש וויל אָנהויבן געניסן דערפון, ווען ער פאנגט אָן הנאה האָבן פון זיין גליקלעכן מיראזש, לייגט ער ארויף אויף אים א יד...

---

אין א פארנאכט איז דאָס געוועזן.

דאָס לעבן האָט גערוישט, געזשומעט; דאָס צופרידנקייט האָט אראָפּגעגליטשט פון אויבן פון די בערג און באלויכטן א יעדנס פנים, וואָס האָט זיך געפונען ביים ברעג; דאָס וואסער איז געווען ווארעם, דורכזיכטיק און קלאָר, מיליאַרדן פייגעלעך האָבן זיך געבאָדן, געפּליוסקעט זיך באם ברעג, פישעלעך פון דער אויבערפלאך פון וואסער, האָבן איינגעאָטעמט די ווארעמע לופט; קליינע אינגעלעך צוזאמען מיט מינדעריעריקע מיידעלעך האָבן זיך מוטער־נאקעט געבאָדן, געשפּילט, געלייגט זיך אויף די בייכלעך און זייערע נאקעטע, ווייסע קערפּערלעך האָבן ארויסגעשיינט

פון דער רויטער זאמד, אז עס האָט זיך אויסגעוויזן ווי א מחנה גאָלד־פארביקע „פלאַמענקאָס“ פליוסקעט זיך דאָרט, און זייערע קלינגענדע יונגע מונטערע שטימעלעך, האָבן זיך ווי א רייכער אָרקעסטער מוזיק, געטראָגן איבער די בערג.

מיר, אין דרייען, זיינען זיך געפאָרן אויף אונדזער לאָדקע ניט ווייט פון ברעג.

און אניטא „די ווייסע“ האָט פאָרגעזונגען דעם הימנאָ נאסיאָנאַל, און איך מיט דער „שווארצער“ האָבן מיר זי לוסטיק אקאָמפּאנירט.

פּלוצים, טראַך! א שיפל וואָס איז מיט אימפּעטע דורכן „פּאסאָ“ געפלויגן, איז אונדז אנטקעגן געקומען, און איידער איך האָב אויסגעפּייעט אָפּקערעווען אָן א זייט, זיינען מיר אַלע דריי אין וואסער אריינגעפאלן...

---

דער אומגליק האָט אזוי געוואָלט: ביידע אניטאס זיינען דער־טרונקען געוואָרן.

די „שווארצע“ וואָס איז א באַרימטע שווימערן געווען, האָט זיך ניט פארלוירן, זי האָט גלייך זיך אראָפּגעלאָזט אונטערן וואסער נאָך מיין שוועסטער, יענע האָט זי ארומגעכאפּט באַם האלדז. קורץ, ווען מען האָט זיי אומגעזאמט פון וואסער ארויסגעצויגן, זיינען זיי ביידע געווען טויט.

מיך האָט מען צום לעבן געבראכט, און נאָך 48 שעה פון ברענענדן פיבער, בין איך ווידער געזונט געוואָרן.

א היים האָב איך מער ניט געוואָלט פאָרן, פון פאָרזעצן דעם שטור־דיום האָט קיין רייד ניט געקענט זיין; איך האָב א פּאָר מאָל זעלבסט־מאָרד־פארזוך געמאכט... מען האָט מורא געהאט איך זאָל פון זינען ניט אראָפּ, דאָקטוירים האָבן געראָטן מיין פאָטער, אז איך זאָל רייזן, ארומ־פאָרן. איך האָב באקומען אזוי ארום א סומע געלט, און בין נאָך אייראָפּע אוועק.

אין ווין, עסטרייך, האָב איך באקומען די טרויעריקע נאכריכט, אז מיין מוטער איז געפאָרן לייגן א בלומען־קראנץ אויף ביידע אניטאס קברים, וואָס ליגן דאָרט איינע נעבן די אנדערע, און איז טאקע באַ די קברים געפאלן און שוין מער ניט אויפגעשטאנען.

דעם אומגליק האָב איך שוין פיל גרינגער אַראָפּגעשלונגען, ווייל די וואונד פון פריער איז נאָך געווען פריש און שטארק; דאָס הארץ איז מיר געווען אזוי צוזאמענגעקוועטשט, אז ס'איז דאָרט קיין פלאץ פאר מער ליידן ניט געווען...

צוויי יאָר האָב איך זיך ארומגעבלאָנקעט אין אייראָפּע און בין צוריק א היים געקומען. דאָס הארץ האָט מיך געצויגן צו פאָרן אהין, וואו איך האָב מיינע טייערסטע פארלוירן... אין א פארנאכט ענדע נאָוועמבער, בין איך אין שטעטל אָנגעקומען; כ'בין צום פעטער ניט פארפאָרן.

דער ערשטער גאנג מיינער איז געווען צום „ריאָ", דאָרט וואו די צוויי יונגע לעבנס זיינען פארלאָשן געוואָרן.

קומענדיק אויפן בריק, האָב איך דעם זעלבן אלטיטשקן פון אמאָל געטראָפן שטיין אויף זיין שטענדיקן פלאץ, אָנגעשפארט אויפן געלענדער פון בריק.

ער האָט מיך דערזען, האָט זיינע גרויסע שארפע אויגן אויפגעהויבן אויף מיר און דאָס בלוט איז מיר פארציטערט געוואָרן פון צער... ער האָט א שאָקל געטאָן צום וואסער אראָפּ, און צוויי גרויסע טרערן, ווי געשליפענע בריליאַנטן, האָבן זיך אין זיינע אויגן געוויזן, האָבן זיך אראָפּגעקאטשעט און פארלוירן געגאנגען אין זיין שניי־ווייסער באָרד.

די דערמאנערונג פון יענער דראָאונג אָדער וואָרנונג, וואָס דער אלטער האָט מיר דאן געמאכט, האָט מיר ווי אויפגעלעבט געמאכט די גאנצע שרעקלעכע טראגעדיע, און עס האָט מיר אָנגעפאנגען שווינדלען אין די אויגן, איך האָב זיך אָנגעקלאמערט מיט די הענט אָן דער פארענטשע און בין ווי פארשטומט געוואָרן פון שמערץ...

ווען דער אָנמאכט איז פאָריבער, און איך בין צו זיך געקומען, איז שוין דער אלטער מער ניט געווען נעבן מיר.

אויף מאָרגן פרי בין איך אויפן בית־עולם געגאנגען. דער וועכטער האָט מיר די דריי קברים פון מיין מוטער, מיט ביידע אניטאס אָנגעוויזן; באם אָנבליק פון די בערגלעך ערד, וואו ס'איז באגראָבן דאָס טייערסטע וואָס דער מענטש פארמאָגט אויף דער וועלט, בין איך דוקא ניט איבער־

ראשט געוואָרן. נאָר ווען איך האָב זיך אָראָפּגעלאָזט אויף די קני און אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אויף דעם קבר פון מיין טייערער, האָב איך מיטן גאַנצן הארצן געוואונטשן ניט אויפצוהויבן זיך מער פון דאָרט...

דער „בעל כרחך אתה חי", דו מוזט לעבן! איז אפּנים אין מיר נאָך זייער שטארק געווען... און איך האָב זיך יאָ אויפגעהויבן...

מיין גאָט! ווי איבעראשט בין איך געוואָרן, ווען מיין בליק האָט זיך אָנגעשלאָגן אין די רחמנות־בליקן פונעם אלטן, וועלכער איז איבער מיר צווישן די קברים געשטאנען; מיט א שטארן פּנים און פארגליווערטע אויגן האָט ער מיך אָנגעקוקט און א ים פון ליידן, דער גאַנצער יאָמער האָט זיך אויף זיין אלטן צעאקערטן פּנים אויסגעגאָסן...

איך האָב עפּעס ווי אינסטינקטיוו א פּאָר טריט פאָראויס געמאכט. דער אלטער האָט מיט זיין גאַנצן שלאַנקן קערפּער א ציטער געטאָן און א מאַך געטאָן צו מיר מיט דער האנט, און איז לאנגזאם צום אָפענעם טירל פון בית־עלמין געגאנגען און איך בין אים ווי אומבאוואוסטזיניק נאָכגעגאנגען די טריט.

ווען מיר זיינען, אין דרויסן, עטוואָס ווייטער געגאנגען, האָט זיך דער אלטער צו מיר געווענדעט:

— יונגערמאן! איך האָב געמיינט, אז איך בין איינער אליין! איינער, וואָס דער שיקזאל אָדער די „געהיימע פאָרזעאונג" האָט מיך אזוי ברוטאל און מערדעריש באהאנדלט. פערציק יאָר כסדר האָט מיך א גראַנק גע־פּייניקט, פארוואָס מיך אליין? ביזטו געקומען, יונגער מענטש... און...

ער האָט זיך אָפּגעהוסט און פאָרגעזעצט ווייטער: — ווען איך האָב דיך מיט דיינע צוויי באגלייטערנס צוריק מיט צוויי יאָר אין שיפל שווי־מענדיק באמערקט, האָב איך, ווי אין שפּיגל, מיינע יונגע יאָרן מיט זייער גאַנצן פייער, מיט זייערע אילוזיעס פון ליבע, לעבן און גליק דערזען. און די אלטע סטרונע פון מיין צעריסענעם הארץ האָט מיט איר אמאָליקן יונגנט־טאָן, א ברום געטאָן אין מיר... נאָר פון דער טיפעניש פון מיין צעווייטיקטער נשמה, איז א שרעקלעכער געדאַנק ארויסגעשוואומען.

— אָן אומגליק! נאָ! זע, אָט איז ער! און ניט ווילנדיק האָב איך דיר מיטן שטעקן געדראָעט... מעגסט דיר זיין ווי פריי געזאָגנען, מיין

קינד! — זאָגט זיך דער אַלטער שוין שטילער — מעגסט לייקענען! אין גאַנצן הימל... אין דיר אַליין אָבער, קענסטו ניט לייקענען... עס ליגט עפּעס פאַרבאָרגן אין דיר, אַ געהיימע קראַפט, אַ געפיל, וועלכער פּרואווט זיך אָפּט דורכברעכן דאָס געדיכטע אומוויסנהייט וואָס רינגלט דיך אַרום... — מיין פאָרגעפיל האָט מיך דאָ ביי דיין אָנבליק עפּעס געזאָגט... און — הויבט ער אויף זיינע אויגן צו מיר — ווען דער שיקזאַל פונעם מענטשן איז פאַרשלאָסן און די אייביקע פראַגע, פאַרוואָס גראַדע מיר? פאַרוואָס יענעם אַזוי פיל גוטס און מיר אַזוי פיל פיין? דאַן, קענסטו, מיין קינד, אַמווייניקסטן אַ קליין ביסעלע ליכט אין דיין פינסטערניש זען... אַ האַרצ־רייסנדע נחמה אין זיך שפּירן און זאָגן: אָט איז ער אַזוי ווי איך... איך בין ניט איינער אַליין! קום מיט מיר, דאָ ניט ווייט איז מיין הויז, וועסטו אַלעס וויסן... און אָננעמענדיק מיך אונטערן אָרעם האָט ער מיך אַוועק־געפירט צו זיך אַהיים.

א קליין, זויבער צימערל, די ווענט באַהאַנגען מיט פאַמיליען־בילדער, אַ טיש מיט אַ פּאָר שטולן, אַ בעטל און אַ ביבליאָטעק־שאַפע, דערפון איז זיין מעבל באַשטאַנען.

דער אַלטער האָט מיר אַ שטול אָנגעצייגט, און אַליין האָט ער פונעם שרייב־טישל אַ ראָזעווען קאָנווערט אַרויסגענומען. די פאַרב פונעם פּנים האָט זיך אים אויף גרין געביטן און זיין האַנט האָט שטאַרק געציטערט ווען ער האָט מיר די „סאָברע" דערלאַנגט.

— נעם, לייען! — האָט ער מיר, מיט אַן אָנגעשטרענגטער שטימע, געזאָגט, און האָט זיך אַ מידער אין שטול אַנטקעגן מיר אַראָפּגעלאָזט.

מיט אַ שיינער פרויען האַנט־שריפט איז אויבן אויפן קאָנווערט אָנ־געשריבן געווען:

„דער שוועסטער אַ מתנה".

פון אַ קליין וויים־געלבלעכן בויגעלע פּאַפּיר, האָב איך די פאָלגנדע צייל געלעזן:

„צו מיין הייס־געליבטן און צו מיין טייערער שוועסטער פלאָרא.

„צו שטאַרק איז מיין ליבע צו דיר גוטער ב., פיל שטאַרקער פונעם טויט. מיין הייסעסטער וואונטש איז נאָר דיר גליקלעך צו מאַכן און וויל

איך בין איבערצייגט, אַז גליקלעך קענסטו נאָר זיין אין דער זייט פון מיין ליבער שוועסטער פלאָרא, איז, אום דיך צו פירן צו דיין אייביקן גליק, האָב איך געפּאסט צו שענקען מיין שוועסטער א מתנה... דאָס איז מיין לעבן... ווען איר וועט לייענען די ציילן וועט שוין דער וועג זיין פריי... לעבט גליקלעך, אייערע, אייער ליבנדע פאני".

איך האָב געענדיקט לייענען און א קוק געגעבן אויפן אלטן.

ער איז געזעסן און געקוקט גלייך פאר זיך. עס איז קענטיק געווען אין דאָס ציטערן פון דער הויט אויף זיין פנים, אַז א שטארקער שמערץ פון א פארלוירענעם גליק, בלוטעט אין זיין הארצן.

ער האָט זיך ניט אומגעקוקט צו מיר, נאָר שטיל ווי פאר זיך, האָט ער מיט אן אומבאשרייבלעכער וויי־שטימע, געזאָגט:

— פערציק יאָר איז אין דעם. צו גאַסט צו מיין פאָטערס א שותף בין איך געקומען.

אויף א שפּאציר אויף דער זיילן־בריק האָב איך זי דערזען... איר שטאָלצע, בנעימותדיקע פיגור, אירע טיפע בלויע טרוימענדע אויגן האָבן מיך מאגנעטיזירט און זיינען באפריינדעט געוואָרן און שפּעטער זיך פארליבט...

קיין שטערונג פון די עלטערן איז אויך ניט געווען, איך בין געווען שיין, געזונט, כ'האָב דורכגעמאכט א קאָמערץ־שולע, און דערצו נאָך געווען רייך... און זיינען געוואָרן פארלאָבט.

א שטילע, זיסע און ליבלעכע נשמה איז זי געווען. מיט איר גאנצן פייער פון איר יוגנט, האָט זי מיך געליבט, און מיין הארץ האָט געפילט, אַז עס קלאַפּט נאָר פאר איר, פאר מיין ליבער פאני.

נאָר! ווי אָפט נארן אונדז די אייגענע געפילן אָפּ...

ווי אָפט נארט זיך דער מענטש אליין אין זיין הארצן, ווי אָפט פאר־לייקנט ער אין זיך, זיין אייגענע נשמה: אָרעמער! דו קענסט זיך אליין ניט פארשטיין!

אין וואקאציאָנעס צייט, ווען איך בין צו מיין געליבטער פאני גע־קומען דעם חתונה־טערמין צו באשטימען, האָב איך דאָרט איר אינגערע שוועסטער פלאָרא, וועלכע איז פון דער שולע אהיים געקומען אויף וואַ־

קאסיאָנעס, געטראָפן... און דעם ערשטן בליק, ווען מיר — איך און פלאָרא — האָבן זיך אין די אויגן ארייגעקוקט, איז מיט מיר עטוואָס שרעקלעכעס געשען... דאָס גאנצע בלוט האָט זיך אין מיר א קאָך געגעבן. ווי טראָפנס הייסע בליי האָט אָנגעפאנגען דאָרט אינעווייניק אין הארצן צו טריפן, א תהום פייער איז אין איר בליק געלעגן. און פון דאָרט האָט אן עלעקטרישער שטראָם ארויסגעשטראַלט און האָט גלייך אונדזערעביידנס הערצער צוזאמענגעשמאָלצן...

און אזוי שטום אין דער זעעלן־שפּראך, האָבן מיר גלייך אַלעס אָפּגערעדט...

איך געדענק עס ווי זי — מיין פאני — איז אויפן אָרט בלאס געוואָרן. זי האָט עפּעס באמערקט, אָדער, האָט אפשר דאָס פּאָרגעפיל, די „בלינדע פּאָרזעאונגס־קראפט” עטוואָס שווארצעס אין דער צוקונפט איר געצייגט! ווער ווייסט?

פון דעם מאָמענט אָן, האָב איך א קעלט צו מיין שטילער, ליבער פאני אין מיין הארצן דערשפּירט, און כאָטש איך האָב די גאנצע ענער־גיע, די גאנצע קראפטישע־זיטלעכקייט ארויסגערופן און איר אין קאמף מיט די געפילן געשטעלט, און דער הימל־שרייענדער אומרעכט האָט זיך בולט מיר פאר די אויגן ארויסגעצייגט, דאָך! האָב איך דאָס הארץ אין מיר ניט געקענט באוועגן אין פאניס זייט... דאָס פּלאַץ דאָרטן האָט פלאָרא פארנומען...

קיינער פון דער פאמיליע האָט דעם מינדסטן פארדאכט דערפון ניט געהאט, נאָר זי אליין... די אָרעמע ליבע נשמה; זי האָט געפילט, זי האָט געוואוסט...

און ווי גרויס איז איר מוט, איר שטאָלץ, איר ליבע, צו מיר געווען? א וואָרט, א זיפץ, האָט זי אויף אירע ליפּן דערפון ניט געבראכט... זי האָט דעם ווייטיק אין הארצן געטראָגן; און, אך! זי האָט דעם געפּער־לעכן באשלוס געפאסט...

דריי מאָנאטן איז אוועק; דאָס אייז אין מיין הארצן, צו פאנין, איז אלץ דיקער געוואָרן, א באהאלטענע קעלט האָט פון דאָרט צו איר גע־בלאָזן. הגם איך האָב זיך באמיט דאָס איר ניט ארויסצוצייגן; א מלחמה

מיט זיך אַליין האָב איך געפֿירט און האָב מיט פֿלאָראַן דערפֿון אין געהיים גערעדט...

איך האָב שוין אַ באַשלוס באַ זיך געפֿאַסט אָפּפֿערן זיך און די ליבע צו פֿלאָראַן און חתונה האָבן מיט דער שטילער, ליבער פֿאַני... איך האָב דאָס איר געזאָגט, און זי האָט זיך עפּעס משונה צעלאַכט... — אך! ווי גוט דו ביזט דאָס! מיין ליבער!..

און אויף מאָרגן.

דאָ איז דער אַלטער שטיל געבליבן, ער האָט זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט אין זיין זיץ און האָט אויסגעדרייט זיין שטאַרן בליק צו מיר.

— אויף מאָרגן, ווען מיר זיינען אַלע דריי: איך, זי און פֿלאָרא, אויף דער בריק שפּאַצירן געגאַנגען, האָט זי זיך פּלוצים פֿון בריק אין וואַסער אַריינגעוואָרפֿן... אין איר שופֿלאָד האָבן מיר אָט דעם ראָזעוון קאָנווערט געפֿונען מיטן איבערשריפֿט:

„דער שוועסטער אַ מתנה"!

מיר האָבן אָבער די מתנה ניט אָנגענומען. צען יאָר האָט די ליבע פֿלאָרא נאָך איר געטרויערט, ווי אַ ליכט האָט זי אויסגעצאַנקט.

דאָרט, דאָרט פֿאַראיבער דיינע קברים, ליגן זיי זיך ביידע די ליבנדע נשמות מיינע.

דער אַלטער האָט געענדיקט און זיין קאָפּ אויפֿן ברוסט געלאָזט זינקען. אַ טיפֿער צער האָט אָנגעפֿילט דעם צימער.

אַ געהיימע נחמה האָט מיין נשמה דערפֿילט, — איך בין ניט אַליין.

שטיל בין איך מיר אַרויס פֿון שטוב.

אַ רעטעניש איז דעם מענטשנס נשמה, ווער קען זי פֿאַרשטיין?

# חרטה

א שיין מיידל איז שפרה'לע מרגליות געווען, דאָס שענסטע מיידל אין קאָלאָניע פאַרעכנט, שלאַנק, קלאָר, געזונט, פול מיט לעבן. מיט א גאָל־דענעם מעדאַל געענדיקט די קאָלאָניע־שולע, זיך געגרייט צום שטודיום אין דער מעטראָפּאָליע, וואוהין דער פאָטער אירער, דער תמימות'דיקער פּויער האָט נישט געקענט אָפּזאָגן זיין בת יחידה איר עקשנותדיקן ווילן און זי אהין אוועקגעפירט שטודירן.

און ס'איז געשען... דער אומגליק לאָקערט אָפּט אויפן מענטשן פון זיין געבוירן אָן, און דער אומגליק האָט אזוי דיקטירט. אמת זי, שפרה'לע, האָט שפּעטער נעבעך שטאַרק חרטה געהאט אויף איר עקשנות... אָבער אביסעלע צו שפּעט איז געקומען די חרטה... פיל יאָרן זיינען שוין אין תהום אריין.

שטיל ווי אַ שלאַנג וואָס קריכט אין געהיים, גנב'עט זיך אונטער, אזוי איז זי, די חרטה געקומען. מיט אַ זייטיקן וועג בגנבה איז זי, די חרטה, אריינגעקראָכן אין דער נשמה פון דער שיינער שפרה'לע און גע־טאָטשעט, געגריזשעט, געגיפטעט און ווען זי האָט שוין געהאט אָנגעפילט אלע אירע הארץ־קעמערלעך מיט איר טויטלעכער חרטה־גיפט: דאן, יאָ דאן, איז שפרה'לעס קאָפּ שוין געווען ווייס פון אַלטקייט.

אָבער לאָמיר אייך דערציילן כסדר, ווי אַזוי ס'איז געשען:

די ערשטע צייט וואָס שפרהלע איז געקומען אין שטאָט, האָבן דוקא ווי אויף צו להכעיס אויפגעלעבט אין איר זכרון אייניקע האַרציקע פאַמי־ליע־בילדער, וואָס זיינען פאַרבליבן איינגעקריצט אין איר מיידלשער

קינדערישער נשמה, ווי אַ שטייגער דער זיידע אירער, רב מענדל, מיטן קליינעם בערדעלע, ווייס ווי שניי אין דער זיידענער יאַרמולקע אויפן גרויען קאָפּ, זיצט ביים טיש איבער אַ גרויסער גמרא, שאָקלט זיך, לערנט מיט אַ זיסער מעלאָדיע, אַז ס׳צופּט ביים האַרץ.

זיך דערמאָנט אין דער פּסח־נאַכט, דער שיינער סדר, דער טיש מיט די כוסות ווייַן, וואָס בלישטשען, שפּיגלען זיך ווי בריליאַנטן אין די אָנגע־צונדענע ליכט וואָס די מאַמע האָט געבענטשט, די זיסע מעלאָדיע פון דער הגדה, וואָס דער זיידע, דער טאַטע, האָבן געזונגען, דערציילט אַזעלכע שיי־נע עפּיזאָדן, ווען די אידן זיינען אַ פאָלק, פרייע מענטשן אויף זייער איי־גענער ערד אין ארץ ישראל. זי געדענקט עס אַזוי גוט שפּרה׳לע.

און אָט שווימט אויף פאַר די אויגן די קאָלאָניע־שול, — איינגע־וויקלט אין ליכט אין דער נאַכט פון יום־כפּור, פאַרכטיג, האַרציק און שיין, דער שוחט רב איציקל, איינגעוויקלט אין ווייסן, שטייט ביים עמוד, דאַוונט און גיסט מיט טרערן. זי געדענקט, ער האָט אַזוי האַרציק געוויינט, אַז ס׳האָט ביי איר אַלס קינד אַרויסגערופן טרערן, זי געדענקט עס קלאָר. זי איז נאָך דאַן אַ קליין מיידל געווען און איז געגאַנגען מיט דער מאַמען אין דער הייליקער וואונדערלעכער נאַכט אין שול אַריין. יאָ! זי געדענקט, די נאַכט פון יום־כיפּור! ווי אַ כישוף־גאָרטן אַ שיינער מיט געהיימע בלו־מען, שפּראָצן אויף איר מוח, דערמאָנענדיק זיך אין די צוויי שיינע סודות־פולע נעכט פּסח און יום־כפּור.

אָבער די שטאָט, די פּראַכט, דער גלאַנץ, דאָס לעבן, די יוגנט, פאַר־ווישט דאָס אַלץ, פאַרשווינדט ווי אַ בליץ, אַ חלום, אַ זייפן־בלאָז, קינדער־שע יאָרן גייען, יאָרן פליען...

אָט זעט זי זיך אין די קולוארן פון דעם אוניווערזיטעט, נייע ווינטן בלאָזן אויף איר פון אַלע זייטן מיט שמעקעדיקע בשמים, מיט געזונטע ליכטיקע פּערספּעקטיוון, וואָס ציט איר מיידלשע האַרץ צום גלאַנץ, צום לעבן, צום יוגנטלעכן געניוס... די זשמעניע אידישע אָרימע שיינע דאָרפי־שע זכרונות פון דער קינדהייט פאַרשווינדן, און אויף זייער פּלאַץ קומט די שיין פון אַ נייער תקופה אין איר לעבן: די מעטראָפּאָליע מיט דער או־ניווערזיטעט, די סטודענטן, די סטודענטקעס, נייע חברים מיט חברות,

דאָס שטאָטישע פארברענגען, דאָס צוזאמענטרעפן זיך, נאכט־טענץ, פּאַרק, אין קינאָ, באַגעגענישן, פאַרוויילונגען, אויף די וואָס זי טראָגט דעם פון געבוירן שפרה סען... וואָס דערקוויקן דאָס מיידלשע הארץ און מאכן זינ־גען די נשמה דאָס אלץ האָט שפרה׳לען זייער פארשמעקט. און ס׳איז גע־שען: אין א קורץ שטיקל צייט ווען זי האָט געביטן דעם אידישן נאָמען, אויף דעם נאָמען סאָפיע; אזוי האָט זי איר פאמיליע נאָמען מרגלית גע־ביטן אויף „מענדעס", סאָפיע מענדעס...

דער בייט איז ביים אָנפאנג געווען פארבונדן, פארוויקלט מיט א שלייער פון געהיימניש, ווייל דער פאמיליע נאָמען „מענדעס" האָט אָנ־געדייטעט אויף א געוואגטן שריט אין איר לעבן...

די זאך איז צוגעגאנגען פשוט אויף א נאטירלעכן אופן. כואן מענ־דעס, א זון פון א רייכן פּאָליטיקער, א סטודענט, שיין, שלאנק, מיט א קוטשמע קוטשעראָווע האָר, א פּאָר אויגן וואָס ברענען ווי צוויי שווארצע פייערדיקע שטערן אין א טונקעלער נאכט, און שפרה׳לע מרגלית, א אי־דישע ברונעט מיידל, מיט א פאסטוך פנים. זיי האָבן זיך באקענט... דער גאָט אמור האָט דאָ באלד געזיגט... שפרהלע מיט כואנען ווי צוויי האַ־טשיק־אייקעלעך האָבן זיך צוזאמענגעטשעפּעט, צוויי באזונדערע נפשות פון צוויי וועלטן, און עס איז געוואָרן איין וועלט מיט איין נשמה.

תחילת איז איר, שפרה׳לען, אביסל שווער געווען, דאָס אָרימע בי־סעלע אידישקייט וואָס האָט געטליעט ערגיץ אין א ווינקל פון איר הארץ, האָט זיך גערירט פון פּלאַץ און האָט געפּרואווט א זיד טאָן... דער אלטער זיידע מענדל מיט דער גרויסער גמרא, די שיינע הערלעכע סדר־נאכט, די יום־כפור נאכט וואָס איז פול מיט סודותדיקייט, האָבן זיך אוועקגעשטעלט גלייך ווי לעבעדיקע און האָבן געצופּט, געריסן, געצויגן ווי מיט צוואַנגען אויף צוריק.

אָבער צו גרינג איז געווען די וואָג פון דעם קאפּיטשקע אידישקייט אירס. דערפאר אָבער איז וואָגיקער געווען דער צוזאָג אויף גליק, רייכקייט, ליבע און גענוס, פון דעם זיננגענדיקן, מאָרגנדיקן טאָג, דער ליכטיקער מאָר־גענשטערן, וואָס האָט געשיינט אין דער זייט פון כואן מענדעס.

די שיין פון דער ברייטער וועלט, די גאָלדענע פּעדים וואָס וויקלען

זיך ארום דער פרעמדער יוגנט וואָס איז פריילעך, צופרידן מיט איר גורל אויף דער וועלט. דאָס האָט אונדזער שפרה׳לען פאַרכאַפּט...

און אזוי האָבן זיך די פּאַסירונגען אויסגעוויקלט וואָס פון שפרה׳לס מרגליות איז געוואָרן סאָפיע מענדעס.

דער פאָטער פון כואַן מענדעס, דער רייכער פּאָליטיקער, אַ פּאַר־געשריטענער מענטש, מיט ליבעראַלע אידייען, ער האָט זיך נישט געמישט אינעם אויסוואַל פון זיין זונס געשמאַק. גיין זיך גריבלען אינעם יחוס פון זיין זונס ווייב, שטערן דעם שידוך, נאָך וואָס? אזוי האָט דאָס אידישע קינד שפרה׳לע לייכט באַקומען די פּאָטערלעכע ברכה פונעם רייכן גוט־באַזיצער, זי איז אריין אָן פיל אָנשטרענגונגען אין דער נייער וועלט פון ליבע, פון יוגנט און גענוס.

ווען דער סוד אירער, די חתונה מיט כואַן מענדעס איז אָנגעקומען צו אירע עלטערן אין קאָלאָניע, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטורעמדיקער בריוו־וועקסל. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, איז דער פּאָטער אליין געקומען אין שטאָט און אָנגעהויבן מיט די גערעכטע טענות. אין נאָמען פון דער לאַנגער קייט, דעם יחוס פונעם אידישן פאָלק ביז העט־העט, ביז אברהם אָבינו, פרעגנדיק:

— טאָכטער מיינע, שפרה׳לע, בת יחידה מיינע, היתכן?

ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. סאָפיע מענדעס איז פאַרבליבן אין רוהיקער צופרידנקייט מיט איר ליבע, מיט איר כואַנען, אין איר נייעם לעבן, די אלטע דערינערונגען, דאָס ערשטע גאָר יונגע לעבן בא די עלטערן אין קאָלאָניע, דאָס אַלטע ליכט, איז פאַרטונקלט געוואָרן אין דער טיפע־ניש פון איר נשמה.

און אזוי זיינען איבערגעפלויגן חדשים און יאָרן. דאָס לעבן ביי זיי האָט געפלאָסן גליקלעך און זיס. ס׳איז געקומען אַ דור פון זין מיט טעכ־טער, אייניקע אין טאַטן געראָטן, אייניקע אין דער מוטער, קיינער פון די קינדער האָט נישט געוואוסט, נישט חושד געווען, אַז זייער מוטער איז אַ טאָכטער פון אַ פרעמד פאָלק. זי סאָפיע מיט כואַנען, האָבן זיי דאָס נישט דערציילט. צו וואָס? אַן אַלטע פאַרגעסענע זאַך.

פונדערסטוועגן קען מען נישט דענקען, אז סאַפּיע מענדעס איז קיין מאָל נישט געקומען אויפן געדאַנק, איר אַלטע פאַרגאַנגענהייט? דאָס האַרץ פונעם מענטשן האָט אין זיך געהיימע קעמערלעך, וואו ס'באַהאַל־טן זיך קינדערשע איינדרוקן, וואָס שווימען צומאָל אַרויף. ס'האָט אָפט געטראָפן, ווען ביי פאַרשידענע פאַרוויילונגען, אָדער פאַמיליע־צוזאַמענ־קונפטן, וואו שפרה'לע מיט אירע קינדער פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן מיט די יחוס'דיקע פאַמיליעס, זאָלן איינציקע פון די אַנוועזנדע דערציילן אַ פּי־קאַנטן אַנעקדאָט פונעם לעבן און פירונג פון אידן, באַ די „כודיאָס“, די איינגעוואַנדערטע אין לאַנד, און די דערציילונג באַפּעפּערן מיט אַ צווייי־דייטיקן וויץ, און מיט שפּאָט אויפן חשבון פון אידן; אַז ביי סאַפּיע מענ־דעס אין זכרון זאָל אויפשווימען דער געשטאַלט פון איר זיידע מענדל מיטן ווייסן בערדל מיט דער גרויסער גמרא און זיידענער יאַרמולקע אויפן קאָפּ, און, מיט טרערן אין די אויגן, זאָל ער צו איר זאָגן:

— אוי, שפרה'לע, וואו האָסטו זיך פאַרשלעפּט? וואו האָסטו זיך פאַרקליבן? איז דען דאָ דיין אָרט?

דאַן איז דער גאַנצער גלאַנץ וואָס אַרום איר טונקל געוואָרן אין אירע שיינע אויגן, און זי האָט זיך געזען ווי זי געפינט זיך אין אַ שרעקלעכן תהום.

אָפטמאָל ביי אַזעלכע פרייליכע פאַרוויילונגען, אויסהערנדיק די מעשיות, אַנעקדאָטן און עפּיזאָדן אויפן חשבון פונעם „כודיאָ“, הגם דער דערציילער האָט אפשר נישט געמיינט אַזוי פיל צו שימפן דעם אידישן נאָמען, פלעגן די ווערטער איר שטעכן ווי פאַרגיפטעטע פיילן, געשפּאָלטן איר האַרץ, און האָבן זיך איינגעשטאָכן אין איר צעוויטיקטער פילנדי־קער נשמה, און שרעקלעך וויי געטאָן. און צומאָלס אפילו נאָך אַ צוויי־דייטיק וואָרט, אַן אומקלאָרער געלעכטער, פלעג זי פילן ווי אַ טראָפּן גאַל, איז געפאַלן אין איר האַרץ און זי האָט געוואונטשן צו אַנטלויפן ערגעץ אין אַ פאַרבאָרגן ווינקעלע, און דאָרט אין איינזאַמקייט אונטערצוציען נאָך אַמאָל דעם אַלטן גאָר אַלטן חשבון וואָס ס'איז אין אים אַריינגעפאַלן, אַ גרויסער גורלדיקער פעלער, אַ יוגנט־פעלער וואָס ליגט זיך איצט מיט זיין גאַנצער משא אויף איר לעבן און ברעכט זי פיזיש און גייסטיק.

מיטן לויף פון דער צייט האָט זיך אויסגעבילדעט און אוועקגעשטעלט א מין טונקעלע מחיצה צווישן איר, און צווישן דער אַרומיקער וועלט. זי האָט געשפּינען אין איר באַהאַלטענעם שווייגן אַ דינעם פאָדים פון טרויער און צער, וואָס האָט אויסגעפאַרבט גרויסע שוואַרצע רעדער אונטער אירע אויגן, וועלכע האָבן עדות געזאָגט אויף איר שטורעמדיקן געמיט, וואָס ווייסט נישט פון קיין רו.

און אמאָל ווען זי האָט געהערט א דיסקוסיע פון אירע קינדער: פעדריטאָ און לואיסיטאָ, און האָט אויפגעכאַפּט אַ שאַרף וואָרט וואָס איז דרך אגב אַרויסגעפאַלן פון איר זונס מויל: „אוי שוועסטער! ביסט דאָך באַלד ווי אַ „כודיאָ סאַרנאָסא”, אַ טאָכטער פון דעם פאָלק וואָס פאַר־פעסטעט די גאַנצע וועלט.

איז זי דאַן געבליבן אַ דערשיטערטע, אַ צעשמעטערטע, די בלוטן אין איר האָבן אויפגעזאָדן, הערנדיק איר זונס רייד.

זי האָט זיך באַדענקט: אָט דאָס רעדט איר פעדריטאָ, אין וועמענס אָדערן ס'רינען א גרויסער טייל פונעם אידישן בלוט... ער איז גאָרנישט חושד אז דאָס פאָלק וואָס איז אַזוי מיאוס אין זיינע אויגן, איז אויך זיין פאָלק, און די שולד איז אויך אירע. זי, סאָפיע מענדעס האָט קיינמאָל אפילו נישט אויסגערעדט פאַר די קינדער איר אָפּשטאַם. אַ רויטע בושה האָט דאַן באַוואָשן איר פּנים, און ווייטע פאַרלאָשענע פונקען האָבן זיך צעגליט און אויפגעקאָכט אין איר א ווייטיקדיקע בענקעניש.

נאָך אַזעלכע פאָרפאַלן פלעג זי זיך אָפּמוטשען עטלעכע שלאָפלאָזע נעכט, דערינערנדיק זיך אין איר יוגנט, אין די אידישע נעכט פון פּסח און יום־כּפור, און מיט הייסע שטילע טרערן באַוויינט זיך אַליין. און פיל געטראַכט, ווי אזוי קערט מען זיך אום צוריק צו איר מקור, צו איר פאָלק, צו איר משפּחה.

אָט אַזוי איז די חרטה געקומען. אין אָנפאַנג ווען נישט ווען און שפּעטער שוין אָפטער, ווי אַ שלאַנג האָט די חרטה געשיפּעט אין איר נשמה, און אַ טיפע פּראָבלעם האָט זיך פאַר איר אַוועקגעשטעלט, זאָל זי אויפדעקן פאַר אירע קינדער דעם סוד פון איר שטאַם? זאָלן זיי וויסן, אַז איין שלעכט וואָרט וואָס כאַפּט זיך ביי זיי אַרויס וועגן די „כודיאָס”

שטעכט עס איר אין הארץ און לעבערט איר די נשמה? און אפשר וועט דערפון ארויסקומען עפעס אַן אומגליק. זיי האָבן דאָך אין זייערע אָדערן פרעמד בלוט, ניין, ניין! זי וועט נישט אויסזאָגן. און זי האָט געשוויגן סאַפּיע מענדעס, זי האָט ווייטער געטראָגן אין זיך דעם סוד, וואָס האָט ארויסגעקוקט פון אירע אויגן מיט א שווארצן טרויער אָנגעפילט מיט אימה.

---

אָבער, דאָס רעדל וואָס טרייבט די צייט, האָט זיך אירס געטאָן. עס זיינען איבערגעלאָפן חדשים און יאָרן. א נייע ערא, א פארשאָלטענע, האָט זיך אָנגערוקט אויף דער וועלט, דאָס גרעסטע ציוויליזירטע לאנד פון דער וועלט איז משוגע געוואָרן, ווילד פארגיפטעט מיט געפערלעכער שנאה, וואָס האָט אויפגעריסן תהומות פון פאָלק צו פאָלק, פאַרגיפטעט מיט שנאה מיליאָנען מענטשן. אָט די קללה וואָס ס'האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער וועלט, האָט אויך פארכאפּט א טייל אידל־לייט פון אונדזער ארגענטינער לאַנד. און אונדזער יונג־אַלטע סאָפּיע מענדעס האָט די ערשטע די קללה דערפילט. שוואַרץ ווי די ערד איז דאָס פּנים פון איר מאַן, כוואַן מענדעס, פּלוצים געוואָרן. ווייזט אויס, אַז ער האָט שטאַרקע יסורים אויף דעם גרויסן פּעלער וואָס ער איז אין דער יוגנט באַגאַנגען, אַ שטומער צאָרן האָט אָפּגעדרוקט אַ שווארצע חתימה אויף זיין טונקעלן גאַוטשאָ־פּרצוף, און די לאַנגע יאָרן פון צוזאַמענלעבן פון מאַן און ווייב, זיינען נישט געווען בכוח צו פארקלענערן דעם צאָרן און שווארצע בייזקייט פון דעם כעסדיקן פּנים.

די קינדער, אירע קינדער, פאַר וועלכע זי האָט מיט דער צייט אויפגעדעקט דעם סוד, און פאַר זיי דערציילט און געמאָלן דאָס שיינקייט און פּאָעזיע פון אידישן לעבן. די קינדער האָבן אָנגעצויגן אויף זיך א קאַלטע ערנסטקייט, און פון זייערע צוזאַמענגעדריקטע ליפּן האָט ארויסגעפּרעסט אַ שנאה צו דער פרוי וואָס האָט אָפּגעשטעמפּלט אויף זייער גאַנצן לעבן, אַ חתימה פון שאַנד.

שפּרה האָט געפילט די שטעכעדיקע בליקן פון אירע קינדער, זי האָט זיך געזען פארשטויסן פון זיי, האָט סאָפּיע מענדעס זיך דערווייטערט פון

איר בני בית, האָט זיך פארשלאָסן ביי זיך אין צימער וואָס איז פול מיט טונקעלער איינזאמקייט אונטער די אראָפּגעלאָזענע גארדינען, און דאָרט געבלעטערט פאַר זיך די בלעטער, פון איר לעבנס־בוך.

---

אין אָט די נעכט פון איינזאַמקייט, זיינען די ווייטע אַמאָליקע מע־לאָדיעס געקומען און געצויגן פון דאנען. קום! קום! ווען האָסטו דאָ? נישטאָ קיין מאַן, נישטאָ קיין קינדער, פרעמדע, פרעמד בלוט אין זיי, דער טייל אידישע בלוט ווערט בטל. זי האָט אַ טעות געהאַט, סאָפיע מענ־דעס! אַ פאַטאַלן טעות, זי האָט געדענקט: אַז צוויי ווייטע וועלטן קענען זיך צוזאַמענשליסן, ס'זאָל פון זיי ווערן איינס. איצט באַצאָלט זי מיט איר בלוט און מארך דעם טעות, אַ גיהנום־פייער איז אין הארץ. דער תהום איז אָפן פאַר אירע פיס, איר וועג, איז צום... אָבער ניין! נישט דער וועג! זי וועט זיך אומקערן צו איר פאָלק, כל זמן ס'איז נאָך געבליבן אַ רגע פון מעגלעכקייט פאַר דעם, איידער דער מאַן אירער וועט איר נאָך ענגער מאַכן אין זיין הויז...

פון דעמאָלט אָן, האָט סאָפיע מענדעס זיך אָפטער אָנגעהויבן ווייזן אויף דער אידישער גאַס. דאָרט פלעג זי אָפּשטיין שטיל ווי מיט אַ שטו־מער ודוי און אויפנעמען מיט אירע בליקן די אידישע געשטאַלטן, אַזעלכע נאָענטע און באַקאַנטע, אויפמישן אַלטע זכרונות, וואָס זיינען אויפגעשטאַ־נען צום לעבן און דערוועקט אין איר אַ טיפע בענקשאַפט. זי האָט זיך איינגעלעבט אין די זכרונות מיט דער גאַנצער נשמה אירער און זיי אויס־געוויקט ביינאַכט אין טרערן פון חרטה.

אין אַן אָוונט ווען איר מאַן מיט אירע קינדער זיינען אַוועק אויף איינע פון די אָפטע פאַמיליע־פארוויילונגען, און זי איז געבליבן אַן איינ־זאַמע אין שטוב, האָט זיך אין איר דערוועקט אַ געפיל ארויסצופאַלן אויף עמיצנס האַלדז און אויסברעכן אין אַ ביטער געוויין. און געוויינלעך, ווען אַזאַ שטימונג פלעגט זי ארומנעמען, האָט שפרה אויך דאָס מאָל זיך געלאָזט גיין צו דער אידישער גאַס.

אַ שטילע פרעמדקייט האָט אין דער גאַס געהערט. גלייך ס'זיינען אויס־געשטאָרבן אַלע לעבעדיקע. אַ ניגון, ווייט, ווייט אָבער אַזוי נאָענט, דער־

טראָגט זיך צו איר אויער... זי ציט זיך נאָך דעם קול, זי שוועבט ווי אויף פליגל, ביז די פיס האָבן זי צוגעבראַכט צו דער שטוב, וואו זי איז שוין לאַנג נישט געווען דאָרט, און דער ניגון? יאָ, ס'איז דער הייליקער האַרציקער ניגון. ס'איז די נאַכט פון יום־כּפּור, זי דערקענט דעם אַלטן ניגון, וועלכן איר שטורעמדיק לעבן האָט נישט געקענט אָפּמעקן פון זכרון. די הייליקע נאַכט פון יום־כּפּור, די נאַכט וואָס קיין אַנדערע אומה פאַרמאָגט זי נישט. די נאַכט וואָס דערהויבט פון די טיפע אָפּגרונטן. יעדע נשמה אין וועלכער ס'איז נאָך איבערגעבליבן עטוואָס פון אידישקייט. פאַרכאַפּט פון טיפן ווייטיק, פאַלט זי־צו צו דער וואַנט פון דער שטוב, פון וואַנען ס'הערט זיך דאָס קול און זי ברעכט אויס אין אַ געוויין פון איר פאַרוואונדעטן האַרץ. זי טאַפּט די ווענט פון דעם הויז, מיט אירע ציטערדיקע הענט ביז זי געפינט די טיר. אַ פאַרהלש'טע בלייבט זי אויף, די טרעפּ, נישט קענענדיק ווייטער גיין, דער ניגון פון כל־נדרי דערטראָגט זיך צו איר נאָך נענטער און נענטער. זי זעט פאַר זיך איר אַלטן זיידן ר' מענדל מיטן ווייס ווי שניי בערדל, און זיין קאָפּ; איר גאַנצע אידישע קינדהייט שוועבט פאַר איר אויף מיט אַ באַזונדערן רייץ און שיינקייט. שפרה'לע האָט זיך אַליין ווידער געפונען.

# די מאַמע

פּראַכטפּול, שיין, שפּרייטן זיך די פּעלדער ארום דער קאָלאָניע. דער שטארקער ווינטער מיט די סיבירסקע פרעסט וואָס מ'האָט נאָך ביז היי־יאָר אזעלכע אין ארגענטינע נישט געזען, אָט דער קאַלטער מלאך, וואָס האָט אונטער זיין ווייסן מאַנטל אונדזערע פּעלדער בא די נייַנציק טעג געהאַלטן, דער איז אוועק. נאָך וואָס איז ער גאָר געקומען? פון וואַנען, מיט וואָס פאַר א שיך? שעלטן אים טאַקע די זקנים, קללהן אים די ווייבער. טאָג און נאַכט האָבן זיי נעבעך געמוזט דעם אויוון מיט „קיזיק" (קי־מיסט) הייצן, פאַרוויכערט די אויגן, מיט זייער ריח, פאַרפּעסטעט די שטוב, דעם דרויסן, אויף דערוואָרגן צו ווערן... ווער האָט אים באַדאַרפט?

די אַגראָנאָמען זאָגן אים אפילו נאָך א שבח, — ער האָט אויסגע־רייניקט די לופט, אוועקגעהרגעט די שעדלעכע אינזעקטן, די ווערים משחיתים, וואָס פאַרדאַרבן די זאָמען פון די ווינטער־תבואות. מילא, זיי זאָגן. הלמאי זאָגן זיי, אז נאָך די פרעסט וועט די ערנטע היי־יאָר גאָר א געראָטענע קומען, און דאָס טרוקעניש ווייזט גאָר דעם היפּוך!..

דערווייל איז גוט וואָס ער איז אוועק, „הלך לעולמו". א זויבערע ליכטיקע ריינקייט, א לויטערער ווי בורשטין איז דער הימל, א גאָלדענע וואַרימע זון הענגט איבער דער ערד, דער שמעקנדיקער פרילינג שטייט און קלאַפּט אין טיר, ער קומט דער טייערער גאַסט מיט זיין פריילעכקייט, מיט זיין וואַרימען אָטעם, מיט זיין ליכטיקייט, מיט זיין בלומען־דופט, מיט וועלכן די ארגענטינער פּעלדער שמעקן אזוי זיס...

געקומען זיינען אויך אונדזערע פליענדע שייניקע זומער־געסט, דער

בושעל מיט זיינע לאנגע רויטע פיס און לאנגער נאָז, דער גאָלדענער גראַ־ציעזער „פלאַמענקאָ" מיט דער קרומער נאָז און פייערדיקע אויגן. אָפּגע־ווען דעם קאַלטן ווינטער — גלייך מיט די גבירים — ערגיץ אין די וואַרימע לענדער, איצט אַז די וואָרים האָט זיך איבערגעטראָגן צו אונדז, זיינען זיי אָנגעפלויגן, בויען זיך נעסטן, שאַפן זיך פּלאַצן, שפּאַצירן אַרום אויף די פעלדער, — אַפילו אביסל ערנסט פאַרטראַכט, ס'בלעזלט זיך בא זיי די נאָז, זיי קוקן עפּעס זייער אָפּט אויף אַרויף... וואָס זוכסטו דאָרט, לאַנגפויגל?

עפּעס פעלט זיי, אַ קליינינקייט; אָבער דאָך דער עיקר, אביסל וואַסער. נישטאָ וואו די פיס פונעם ווייטן וועג אָפּצוואַוואַשן, אַ זשאַבקעלע אַ קליינטשיקס אויף צו פאַרבייסן איז נישט צו געפינען. טרוקן, טרוקן, טררי, טררי, גאָרגלען זיי מיט די לאַנגע העלדזער גלייך אין הימל אַריין. פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד קוקן אַרויס די איידעלע געל־גרינינקע שפּראָצונגען, וואו זיי האָבן זייערע קעפּלעך דעם ווינטער באַהאַלטן; האַלטן אָפּן די מיילעכלעך, די ליפּעלעך בא זיי זיינען טרוקן, פאַרגעלט; דער מאַמעס ברוסטן פון וואַנען זיי ציען זייער חיונה זיינען ליידיק, באַלד באַלד אינגאַנצן פאַרטרוקנט. אביסל רעגן, גאָטעניו! אָט די דריי ווערטער טראָגן זיך פון אינעווייניק פון דער מאַמע־ערד. פון איר צעשפּאַלטענעם, צעעפנטן טרוקענעם מויל, פון איר איינגעפאַלענער ליידיקער ברוסט — מיט תחנונים, מיט הייסער תפילה פון אירע זויג־קינדער, טראָגן זיך די ווערטער. גיין, גיין, וואוהין? ווער נעמט זיי אויף? און וואו שטעלן זיי זיך אָפּ? שווייגט דער הימל, און גיי טו אים עפּעס!

מיט אַ סולעפּקע צווישן צוויי לאַנגע האַלב־געלע ווינטער־תבואות, קומט אָן דער פּויער. אַ ברייטער מאַסיווער מענטש, מיט אַ פּריש־צעקעמטער באָרד, דאָס היטל אין דער האַנט, שפּאַנט ער מיט זיינע באַ־שטיוולטע פיס, שטראָצט זיינע גרויסע ברוינע אויגן אין ביידע זייטן וועג, באַקוקט דאָס פאַרזייטע פעלד, וואָס לעכצט אַזוי שטאַרק נאָך אביסל רעגן, קאָרטשעט זיין ברייטע פּלייצע, הויבט די אויגן, קוקט אויפן לויטערן הימל, מורמלט עפּעס מיט די ליפּן. אַ תפילה? אַ קללה? שווייגט דער

הימל. ער פּאַבעט אים אנטקעגן מיטן היטל וואָס אין האנט, שפּאנט ווייטער, ווייטער.

דער טרוקענער מאָרגן־ווינט שמייסט אים איבערן פּנים, צעשויבערט אים די באָרד, קריכט אים אריין אין זיינע צעעפנטע האָריקע נאָזלעכער, מיט וועלכע ער זופּט אריין דעם געזונטן פעלד־ריח, דעם אראָמאט פונעם אָנקומענדן זומער וועלכן ער האָט אזוי שטארק ליב.

פון ווייטן צעברענט זיך דער האָריזאָנט, דאָס ווייסקייט פונעם מאָרגן טוקט זיך אין פּורפּור־גאָלד און שיט אים אָפּ — דעם פּויער — מיט פליטערלעך גאָלד פון אויבן אראָפּ. ער ווערט באגייסטערט און אומ־באוואוסטזיניק עפענען זיך זיינע פליישיקע ליפּן מיט דער פּויערישער קינדער־תפילה: — גאָט, גאָט, גיב א רעגן פאר די קליינע קינדערם וועגן... דאָס הארץ ווערט בא אים מיט געבעט פארפולט. ער קניט אנידער, טאפּט די דינינקע שפּראָצונג, לעקט זיי מיט דער צונג, גראָבט מיט די נעגל אין דער ערד, פּרובירט די וואָרצלען פון די זאָמען, און א זיפץ רייסט זיך ארויס פון זיין ברוסט: טרוקן! טרוקן! טרוקן די בריסטן בא דער מאמע, קינדערלעך! וויפל טעג נאָך וועט איר זיך קענען דערנערן אָן דער מאמעס מילך? איר ציט דאָך שוין בלויז דעם מארך פון די ביינער, מיינע טייערע. אך, וויפל געזונט קאָסט איר מיך ביז איך האָב אייך דערצויגן... און איצט? אוועקפאלן חלילה? אוים? קיין קאָסעטשע? און די חובות? דער משכון? דאָן סאמועל? ער לאָזט זינקען זיין קאָפּ, טראכט.

א לייכטן שאַר פארביי די פיס, ער קוקט זיך ארום. א פעט האָזל, מיט א שיין אויסגעפּוצט טולעפּל איז דורכגעלאָפן, האָט זיך אויף די הינטערשטע פיסלעך אין דער ווייט אוועקגעזעצט, אויסגעגלאָצט זיינע שווארצע גרויסע אויגן, אָפּגעווישט די וואנצעלעך מיטן רעכטן לאפּקעלע און דאָס בערדל מיט די ראָבע אויערלעך האָבן בא אים אומאויפהערלעך — פאר שמחה אפּנים — אנטקעגן דער ווארימער זון זיך געטרייסלט.

דער בערדיקער פּויער האָט אויף דעם חיהלע זיין טרויעריק אויג אָנ־געשטעלט: „דו ביזט פריילעך, דו שרעקעדיק נפשל? דער שטארקער ווינ־טער האָט דיך דיין פּעלצל פונעם ווערימדיקן מויל אויסגערייניקט, עס בייסט דיך מער נישט, לאכסטו פון דער וועלט. איי, א טרוקעניש? איי,

עסן? ביזטו בטוח אין דיינע פיס... מעגסט זיי באצייטנס שוין נוצן. עמיגריר, ברודערל? דו קענסט לויפן! אין אור־וואלד בלעטער פאראן!.. אונדז איז שלעכט, וואוהין זאלן מיר לויפן? וואוהין זאלן מיר זיך קערן? פארבאדן אין חובות, משכנות, פראצענט, היפאטעקע. — ווי אזוי בין איך צווישן די פיאווקעס אריינגעפאלן? ווי אזוי האב איך דיך, מאמעלע, פארמשכונט בא זיי? וואו איז מיין קאפ געווען? — ער טאפט זיך באם קאפ. ווער האט דאס מין היפאטעקע אויסגעטראכט? ר' יאסל דער שוחט זאגט, עפעס איינער א תנאי הלל הבבלי, האט אט דעם מין משכון איינגעפירט... זאל ער מיר מוחל זיין, מסתמא א רייכער פראצענטניק געווען... נישט געדאכט זאל ער ווערן. טפוי! ער האט א כראקע מיט א ווייטן שפיי געטון, דאס האזל האט זיך דערשראקן און געשטעלט פיס. דער פויער האט אנגעשטרענגט די ראיה, געוואלט זען וואוהין דאס לויפט, אבער א שטראל פון דער זון האט זיך גראדע גלייך אים אין אויג אריין געווארפן, זיך געפלאנטערט אין דער בארד, געקיצלט אין דער נאז. ער האט געמוזט אוועקדרייען דעם קאפ און גלייך ווי דער מארגן, דאס פעלד, מיט זיינע ברואים האבן זיך מיט אים רייצן געוואלט, האט ער דערזען: א קארפאטקעלע, א „מארטינעטע" א שייניקע מיט א טשוביקל אויפן קעפל, איז אנגעפלויגן, האט זיך הינטער א קוסטשיקל מיט א זייט אוועקגעלייגט, אויסגעשטרעקט א פיסל, צוגעדעקט עם מיטן פליגעלע, פארמאכט א האלב אויגל און מיטן צווייטן העלפט געקוקט ארויף צו דער זון, זיך געווארימט און שטילינקערהייט זיך געזונגען. דער פויער האט זיינע אויגן צוגעשמידט צו דעם זארגלאזן פייגעלע, געקוקט, און ווי עפעס א מין נאטירלעכע פרייד האט זיך אין זיין פארזארגט, פאראומערטן געמיט, אריינגעשלייכט. א אינעווייניקסטע שטימע האט אין אים גערעדט: נא, קוק, זע! אזוי צופרידן, בנעימות ליגט זיך עס דאס שייניקע פייגעלע, צעשטרעקט בהרחבה ווי באם טאטן אין וויינהויז... אן קומער, אן זארג, יא רעגן, נישט רעגן, ס'האט בטחון... ר' יאסל דער שוחט זאגט: א וועבימל אונטערן שטיין, אויפן דנא פונעם ים, האט דער שעפער אויפן אויג און דערלאנגט אים זיין שפייז... ווייזט אויס אז ס'איז אמת, ווייל ווער האט דאס פייגעלע אין דעם ווינטער מיט די שטארקע פרעסט געשיצט

ס'זאָל נישט פאַרפרוירן ווערן אויף טויט? וואו נעמט עס איצט אינעם טרוקעניש וואסער צום טרינקען? ס'לעבט, ס'איז פריילעך, ס'זינגט. מסתמא א טראָפּן טוי פון א בוריאַנשטענגל אראָפּ אויסגעזופּט; א פּאָר קערנדלעך איינגעשלונגען און ס'ליגט זיך בהרחבה, האָט הנאה פון גאָטס וועלט. נאָר מיר, דער מענטש, אלע יאָרן אין זאָרג, ווייטיק, טרויער, קנאה, פּאַרדרוס. מיר לעבן דאָך גאָרנישט! מיר מעגן דאָך זיך שעמען פאַרן קלענסטן שרצל, פאַרן פּיצינקעלע פויגעלע...

ער האָט זיך אָנגענומען מיט ביידע הענט בא דער באָרד, א כוואַליע פון בושה — פאַרן ריכטיקן געדאַנק — האָט אים אָנגעהויבן וואַשן דאָס פּנים, ער האָט געפילט ער ווערט רויט.

— יאָ, יאָ, מיר שעמען זיך אָפּטמאָל פאַרן אייגענעם געדאַנק, — וואָס זאָגט איר, מיינע טייערע? איגאָ ס'איז אמת? — זאָלן מיר זיך מודה זיין: ס'מאַכט זיך, ווען מיר ווערן אמאָל אויף א רגע א „פּאַסקודניאַק", רחמנא לצלן, קומט דערנאָך דער ריכטיקער געדאַנק, און וואַשט אונדז מיט רויטער בושה אויף דערשטיקט צו ווערן...

ער האָט זיך פאַרשעמט, דער פויער, האָט א טרייסל געטון מיטן קאָפּ, א טופּע מיטן פוס, אויסשרייענדיק מיט זיין הילכיקן קול:

— ניין, ניין! נישט זאָרגן! — ער האָט ארויסגעשלעפּט פון קעשענע דאָס בייטעלע מיטן טיטין, אָנגעשטופּט די ליולקע, פאַרויכערט, אוועקגעשפּאַנט צום עק פעלד, אריבערגעקראָכן דעם דראָט און איז ארויס אויפן וועג, מיטן געדאַנק צו גיין צו ר' יואלן, וואָס איז נעכטן געקומען פון שטאָט, הערן עפּעס נייעס.

א מחנה שול־קינדער, אינגלעך, מיידלעך, אין די ווייסע כאַלאַטלעך, רייטנדיק צו צוויי און דריי אויף א פערד זיינען אים אָנגעפאָרן אַנטקעגן און אויסגעשריגן פריילעך:

— בוענאָס דיאַס, סעניאָר יחיאל! — און איין מיידעלע, זיין שכנס אן איינינקל, וואָס האָט געפירט א בוקעט פרישע בלומען א מתנה פאַר דער לערערקע, איז אינטערגעפאָרן נעבן אים מיט א געלעכטערל: — גיט א שמעק, סעניאָר יחיאל, די בלומען זיינען פון אייער גאָרטן, אייער באַסיע האָט אונדז געגעבן „פּערמיסאָ" אָנצורייסן...

— ניין! ניין! — שרייען אויס די אינגלעך, — מיר האָבן געגנבעט, דורכן פלויט אָנגעפליקט... — זיי שיסן אויס אין א געלעכטער, צעלאָזן די פערדלעך און שמייסן אוועק.

די קינדערשע פרייד, וואָס האָט זיך איבערן וועג צעשאָטן, האָט אָפּגעקלונגען אויף בארג און טאָל, האָט אויף אונדזער פויער — זאָלן מיר אים שוין רופן באם נאָמען: סעניאָר יחיאל — א פארקערטע ווירקונג געהאט, ער איז געוואָרן טרויעריק, שטארק טרויעריק... פון אייער גאָרטן גע־גנבעט די בלומען, זאָגן זיי... קינדערלעך! ווער ווייסט וועמענס גאָרטן דער איז? א שלאנג ליגט אויף אים, פראָצענט, היפּאָטעק... א טרער איז אים אָנגעלאָפן אין אויג, ער האָט בייז א קוועטש געטון מיט דער ברעם און א זאָג געטון: מ'דארף צושפּאנען צו ר' יואלן, עפּעס האָט ער דאָך גע־שריבן וועגן א ישועה פאר אונדז פון דער שטאָט.

א פאטלאטער געלער הונט מיט א שווארצן גהינום־פּיסק, איז אים בא ר' יואלס טירל באפאלן אויף דורס צו זיין. א יונגער בחור, וואָס האָט געזאָטלט א פערד אין הויף, האָט דערזען און אָנגעהויבן שרייען: — אפּוירא היטלער! אפּוירא! און ווען ער האָט געזען, אז דער הונט הערט נישט, איז ער צוגעשפּרונגען און מיטן רעווענקע־שטילעכל דערלאנגט דעם כלב איבערן קאָפּ, דער הונט האָט זיך אוועקגעקאטשעט און פארהלשט פארוואָרפן מיטן קאָפּ.

ר' יואל, וואָס איז ארויס פון שטוב, האָט געשריגן פארוואָס מ'האָט פארגעסן אָנצובינדן היטלערן אויף דער קייט.

— האָט ער דיך חלילה נישט צעביסן, יחיאל? — פרעגט ר' יואל באצערט.

— מיך בייסן? וואָס־זשע איך בין א גרינער? איך האָב אים מיטן שטיוול א פּאָר מאָל אין בויך אריין א גוטן קיצל געטון, נאָר אייער ביניאָמטשיק, ער האָט אים ערשט גוט דערלאנגט. הלוואי וואָלט דאָרט א אידישער בחור דעם ריכטיקן היטלער אזוי אין קאָפּ אריין געגעבן.

— ווער, די פּחדנים? די דייטשע אידן? דאָס איז קריכעדיקע ווערים, זשאבע־בלוט רינט אין זייערע אָדערן, בא אונדזערע ארגענטינער קינדער, וואָלט דער המן שוין לאנג געווען א כפּרה פאר כל ישראל. — קום אריין,

יחיאל, כ'האָב גוטע נײַעס וועגן אונדזער ענין... די שטאָט הויבט אָן נעמען אָנטייל אין אונדזערע צרות, זיי ווילן אויך נישט אז אונדזערע נחלאות זאָלן איבערגיין אין פרעמדע הענט. קום וועלן מיר טרינקען א מאטע, כ'וועל דיר אלץ דערציילן.

מיט צעשטראַלטע אויגן און אויפגעשטעלטע אויערן האָט יחיאל געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס ר' יואל האָט דערציילט.

— הייסט עס נאָך אייערע רייד, ר' יואל, וויל די שטאָט אויסלייזן דאָס דאָרף, זיי האָבן געגרינדעט אן אגראַר־באַנק, אויף אקציעס, און האָבן שוין פאר 50 טויזנט פעזאָס אקציעס פארקויפט. און דורך דער באַנק דענקען זיי אויסלייזן אונדזער מאמע פון גויאישע הענט. פארוואָס טוען זיי דאָס? וואָס פאר א רווחים דענקען זיי ארויסצונעמען פון דעם געשעפט?

— פונעם געשעפט? פונעם געשעפט? איי, יחיאל, יחיאל! ביזט גוט פארפויערט געוואָרן! אן ערדענעם קאָפּ באקומען. דערווייל רעדט זיך נית פון געשעפט, געשעפט וועט שפּעטער זײַן.

— אז איר זאָגט די שטאָט, דער שטאָט־איד גיט געלט, קויפט אקציעס, מוז דאָך עס זײַן געשעפט? דער שטאָט־איד וועט דאָך נישט קויפן א זאך אום נישט וועלן דערבײַ עפּעס פארדינען?

— דאָס איז גערעדט באם יחיד, דער איינצלנער מענטש זוכט בא יעדער זאך פארדינסט. ניט אזוי אָבער איז דער כלל, די קאָלעקטיווע נשמה האָט אנדערע חושים, די נשמה פון כלל קוקט אין דער ווייט...

— רעדט אביסל דייטלעכער, ר' יואל, איך פארשטיי נישט קיין נשמה־שפּראך, א כלל מיט א נשמה גאָר, וואו?

— דו פארשטייסט נישט? דו ביזט ניט איינער מיט א דערווײַלע פון ניט פארשטיין, אין די טויזנטער פאראן וואָס פארשטייען נישט, און א טייל וואָס ווילן פשוט נישט פארשטיין. רעכענען די גאנצע זאך פאר אן אוטאָפּיע.

— אָבער, טייערער ר' יואל, איר פארשטייט דאָך יאָ, מעגט איר דאָך מיר דערקלערן דעם ענין, וואָס פאר שייכות האָט די שטאָט מיט אגראַר־באַנק, און וואָס קוקן זיי אין דער ווייט?

— דערקלערן? ס'איז ניט אזוי שווער, יעדער ווייסט עס, אז דאָס אידישע פאָלק אויף דער גאנצער וועלט, לעבט איצט איבער זייער א שווערע, ביטערע צייט, כמעט ווי אין מיטלאלטער, די אייביקע שנאה צום אידישן שטאָם האָט זיך אין אלע לענדער, אָן אונטערשיד פון ראסע און נאציע, צעברענט אויף „להרוג ולהשמיד ולאבד", נישט איין המן, היטלער, און נישט איין דייטשלאנד, נאָר אלע נאציאָנען, אלע הערשער זיינען מסכים מיטן צורר היטלער...

— געוויס מסכים! — שאָקלט יחיאל מיט דער באָרד — אוודאי מסכים! א סימן אז זיי שווייגן.

— שלאָג נישט איבער די רייד, יחיאל, הער מיך אויס, דער מבול פון אנטיסעמיטיזם האָט אונדז פארפלייצט, די אידישע טויב מיטן בי־טערן בלאט אין מויל פליט איבער די בייזע ימים, זוכט אַן אָרט, א שטי־קעלע פלאץ וואו אוועקצושטעלן דעם פוס, א דריי־פיר אינדזעלעך האָט זי, די טויב, געפונען, א בערגל מיט א קליינעם „שוץ־פונקט" וואו די בייזע כוואליעס שלאָגן זיך דערין עטוואָס אָפּ, דאָס איז: די אגריקולטור. דאָרט וואו א טייל אידן געבן זיך אָפּ מיט דער הערלעכער, ניט שרייענדיקער, ניט קאָנקורירנדיקער ערד־ארבעט, דאָרט בא דעם איינעם בערגעלע צע־ברעכט זיך די כוואליע, זי שטיקט זיך אין זיך און בורעט נישט אויף. די אגריקולטור — דאָס איז דער בליץ־אָפּלייטער, וואָס נעמט אין זיך אריין די פיילן, די שטורעמדיקע שנאה, און מאכט זיי ווייך אויף צו קענען איבערטראָגן.

בא אונדז אין היגן לאנד האָבן מיר אזא בערגעלע, אזא שוצפונקט, דאָס איז די אידישע קאָלאָניזאציע, זי איז די מאמע פונעם גאנצן אָרגענ־טינער ישוב, און אזוי ווי א מאמע פארדעקט זי זיינע גלותדיקע, ירושה־פעלער, באשיצט אים פון א בייז אויג און העלפט אין אלע זיינע כללישע הצטרכותן...

איצט אין די ביטערע יאָרן, ווען די וועלף האָבן זיך צעוואָיעט, ווען די בייזע וואסערן פון אנטיסעמיטיזם בושעווען אזוי שטארק, האָט זיך גראד געמאכט, אז אונדזער היגע בערגעלע, דער שוצפונקט, האָט זיך אָנ־געהויבן ברעקלען. די מאמע האָט זיך פארשולדיקט, פארמשכונט, היפּאָ־

טעקירט, האָבן די שטאָט־אידן, די מנהיגים זייערע, וואָס ווייסן און פאר־שטייען דעם אידישן מצב און פילן די סכנה וואָס לויערט אויפן שטאָטישן ישוב, — ווען די קאָלאָניזאציע חלילה פאלט, און די אידישע פעלדער גייען איבער אין פרעמדע הענט, — האָבן זיי באשטימט צו ראטעווען די קאָלאָניזאציע, האָבן געגרינדעט אָט א די אקציאָנער־אגראר־באנק. פאר־שטייסטו שוין, יחיאל? זיי קוקן אין דער ווייט, די וואוילע שטאָטישע אידן, זיי פילן דאָס אחריות פונעם גאנצן היגן אידישן ישוב. איך גלויב, אז קיין שום איד מיט א אידישער נשמה וועט זיך ניט אָפּזאָגן פון צו זיין א שותף אין דער באנק. רווחים וועט שפּעטער זיין גאָר גרויסע, די אקציעס וועלן ווערט זיין א שלל.

יחיאל האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין. דער באק־מוסקול האָט זיך בא אים געקרימט און קאָנוואולסירט און שטילינקערהייט, ווי צו זיך אליין, גערעדט: מיט 25 יאָר צוריק, א רויט אנאָנימע ביכעלע אין די קאָלאָניעס געווען, מיט אָט דעם פּראָיעקט, און?

— אָ! דו מיינסט דעם „חלוצים הראשונים"? — זאָגט ר' יואל און די ליפּן ציטערן אים דערביי. — די ברידער וואָס האָבן פארקויפט יוספן האָבן שפּעטער בא די טויערן פון מצרים זיך געקלאפּט אין הארצן: „אבל אשמים אנחנו", „מיר זיינען שולדיק". אונדזערע קאָלאָניסטישע מנהיגים — די וואָס לעבן נאָך — שלאָגן זיך איצט אין הארצן אריין „על חטא שחטאנו לפניך באונס וברצון"... קאָנפיסקירט, צוליב געטאָן דער יק"א. ווען מיר זאָלן געווען דאן פאָלגן דאָס ביכעלע, וואָלטן מיר איצט פאר־מאָגן א באנק פון א פּאָר מיליאָן.

— און — שרייט אוים פארביטערט יחיאל — דאָס זעלבע וואָס מיט דעם ביכעלע, וועט אויך זיין מיט דער אגראר־באנק!..

— פארוואָס דענקסטו אזוי, יחיאל? דאָ איז דאָך נישטאָ די יק"א? דאָ איז דאָך די שטאָט?

— יאָ, די שטאָט, ס'זיינען אָבער פרעמדע מענטשן, קינדער וואָס פילן נישט קיין ליבע צו דער מאמע־ערד. וואו זיינען אונדזערע געלערנטע קאָלאָניסטישע קינדער, די פּראָפעסיאָנאלן? דאָקטוירים, אינזשינערן, וואָס

דורך זייער שטודירן האָבן דאָס רוב עלטערן די פעלדער היפּאָטעקירט. פאַרוואָס זיינען צווישן די מתעסקים נישטאָ די געלערנטע יוגנט, די וואָס זיי, נאָר דורך זיי, ברענט די „שנאה הגוים" אויף אונדז... זיי שעמען זיך מיט אונדז, קערן זיך אוועק, ווילן אפילו אונדזער אידיש נישט ריידן... מאָרגן, ראש־השנה, מ'זאָגט „על חטא שחטאנו לפניך ובזדון ובשגגה", אָט אָ דעם על חטא וועלן זיי זיך אויך שלאָגן אין הארצן! אָבער ס'וועט שוין זיין שפּעט! אָרימע מאַמע, אָרימע מאַמע!

ער האָט א פּאָך געטון מיטן היטל און מיט א געבויגענעם קאָפּ פון צער אַרויס פון שטוב.

# דער באַראָן הירש און די שטערן

אַן אויסגעשטערנטע זומער־נאַכט. דאָס פעלד איז רואיק געלעגן, זיך געוואַשן אינעם שטערן גלאַנץ.

אויף אַ נידעריק פוס־בענקעלע בין איך מיר געזעסן, געקוקט אינעם שימער פון די ברויזנדע שטערן, און געטראַכט: שטערן, שטערן וואָס טוט זיך דאָרט בײַ זיי? וואָס איז פאַראַן דאָרט אין דער הויך? איז דאָרט פאַראַן לעבעדיקע ברואים? חיות, פויגל, עפּעס מוז דאָך פאָרט זײַן! אונדזער ערד איז דאָך דאָרט אויך מער נישט ווי אַ פּלאַנעט — אַ שטערן, און וואָס פאַר אַ יריד ס'טוט זיך עס בײַ אונדז!

לעבן? אודאי איז פאַראַן דאָרט לעבן!

ווי דען? עס קען דאָך נישט געמאָלט זײַן, אַז די אַלע לייכטנדיקע שטערן, וואָס קוקן אַראָפּ צו אונדז מיט אַזוי פיל שיינקייט זאָלן אַלע טויטע קענגשטאַנדן זײַן?

הימל־קריכער, אַסטראָנאָמען — וואָס זאָגן זיי דאַרויף? יאָ די טיפע דענקער, די וואָס ווילן אַרונטערקוקן הינטערן פאָרהאַנג, זיי זאָגן גאָר פאַרקערט. זיי זאָגן, אַז אונדזער וועלטל, אונדזער ערד, איז בעצם אַליין גאָר אַ טויטע זאַך... דאָס לעבן איז נישט איר קינד. נישט זי האָט עס געבוירן, דאָס מין וואָס מיר רופן לעבן, ווי דאָס אָטעמען, באַוועגונג, טראַכטן, ריידן, דאָס מין קומט גאָרנישט פון אונדזער פּלאַנעט ערד. נאָך זייער אַנאַליז, נאָך זייער נישטערן אין אַלע ווינקעלעך פון דער ערד, האָבן זיי דאָס מין לעבן נישט געפונען אין איר.

דער תוך, דער מקור, דער עסענץ דערפון — זאָגן זיי — שטאַמט פון גאָר, גאָר ווייט פון דער העכסטער הויך פון גאָר, גאָר אויבן. צוריק מיט מיליאָנען יאָרן — זאָגן זיי — איז אַראָפּגעפאַלן פון דער הויך דאָס מין טייערע מאַטעריע, דער איידעלער שטאָף, וואָס מיר רופן לעבן און זיך צעוואַקסן און אָנגעפילט מיט לעבעדיקע ברואים אונדזער ערד...

די קליינע קינדער מיט זייער ריינער אינטואיציע ווען זיי פאַרקוקן זיך אַמאָל אין די שטערן, זאָגן זיי ריידנדיק צווישן זיך:

אַז דאָרט אויבן אין די שטערן וואוינען די נשמות פון די געשטאָרבע־נע, דערפאַר פינקלען, לייכטן אַזוי די שטערן אין הימל באַנאַכט.

און די יתומים׳לעך זיי זוכן שוין מיט די טרערנדיקע אויגעלעך דאָרט זייער מאַמע, וואָס זיי בענקן נאָך איר אַזוי שטאַרק. מעגלעך, מעגלעך זאָגט מיר אַ געדאַנק, אויב די ערשטע די געלערנטע זאָגן אמת — אַז דאָס לעבן קומט פון אויבן, האָבן דאָך די קינדער פולקאָם רעכט.

דאָס געזעץ זאָגט: יעדער זאַך וואָס ס׳האָט אַן אָנהויב מוז האָבן אַ סוף. און יעדער סוף קערט זיך אום צו זיין אָנהויב, צו זיין מקור פון וואַנען ס׳איז געקומען, און ווען מיר באַ אונדזער ענדע גיבן מיר אָפּ דער ערד אירס, איר טייל, וואָס מיר האָבן באַ איר גענומען, איז דער חלק, וואָס ס׳איז נישט אירס. וואו טוט זיך עס אַהין? וואוהין זאָל עס גיין? אַז נישט צו זיין מקור אויבן פון וואַנען ס׳איז געקומען? זיי האָבן רעכט די קליינע קינדערלעך. יאָ! אַזוי טראַכטנדיק, האָב איך אָנגעשטרענגט מיין בליק אין די שטערן אַריין, אפשר וועל איך דערזען כאָטש איין נשמה פון מיינע ליבנדיקע, וואָס האָבן מיך לעצטנס פאַרלאָזט...

וואָס זאָגט איר? וואָס, איר לאַכט גאָר? פאַרוואָס? מיר דאַכט אַז יע־דער מענטש האָט דערויף דאָס רעכט: אַמאָל אַ נאַרישן טראַכט צו טאָן... ווער טוט עס דען נישט? זייט זיך מודה מיינע טייערע, שעמט אייך נישט, וויפל נאַרישקייטן טראַכט איר אַ טאָג? ווער ווייסט צו וויפל נאַרישקייטן איך וואָלט זיך נישט געוועזן דערטראַכט, ווען פּלוצים האָט מיר ווי עמי־צער אין אויער אַריין אַריינגעשריען:

— אָט שטייט דער „טשובליק״ אין זאָטל, נעם זעץ זיך אויף און...

ס׳האָט מיר א וואָרף געטאָן — כ׳האָב זיך ווי דערשראָקן: שוין היב־שע עטלעכע יאָר, וואָס איך האָב זיך אויף קיין פערד רייטנדיק נישט גע־זעצט, און דאָ? ווער באַפעלט מיר דאָס? פון וואַנען קומט דאָס קול? איך האָב פאַרזשמורעט די אויגן, צוזאַמען געצויגן די פעלד־ריאה וואָס קען זען אין דער געדיכטער טונקלקייט, א זוך געטאָן אַרום מיר. פון דער נאָענט און פון דער ווייט — קיינער איז נישט צום זען.

— א מחשבה א פנים, א פאַרלוירענער אַלטער געדאַנק איז געקומען צו פליען, פון וואַנען? און נאָך וואָס? איך כאַפּ א קוק צום „טשובליק“ — דאָס נאַכטיקע שומר־פערדל מיט זיין סאַמעטענער שוואַרצער פעל מיטן ווייסן פינטל אויף דערמיט שטערן. ער שטייט מיט א פאַריסענעם קאָפּ אין דער הויך, בליאַסקעט מיט זיינע שוואַרץ פייערדיקע אויגן. דאַכט זיך ער קוקט צו מיר? קאָפּעט אין דער ערד מיט זיין פאָדערשטע לאַפּע, ווי איינער זאָגט: קום זעץ זיך, וואָס טראַכטסטו?

איך האָב זיך ווי אומבאַוואוסטזיניק — און אפשר דאָס אויך נישט, אויפגעהויבן פונעם בענקעלע, אָנגענומען דעם טשובליק באַם צוים, — ער האָט אפילו עפּעס ווי א רייד געטאָן צו מיר, אָבער גיי פאַרשטיי זיין שפּראַך.

כ׳האָב אַריינגעשטעקט דעם שפּיץ אַלפּאַרגאַט אינעם לעדערנעם סטרעמין — און ניט אָנזאָגנדיק אפילו אין שטוב — ווייל וועמען? אַז מיין טייערע, מיין לעבנס חבר איז נישטאָ איז וועמען קימערט עס פאַר מיר?.. בין איך שטילענקערהייד אַרויסגעריטן אין אָפענעם פעלד.

דער טשובליק האָט דערפילט, ווער עס זיצט אויף אים. איז ער זיך פאַמעלעך געגאַנגען טריט באַ טריט, געקייעט דעם אייזערנעם צוים — און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

די נאַכט האָט זיך דערווייל, וואָס מער נידעריקער אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד איינוויקלענדיק דעם גאַנצן שטח אין א טונקעלער דעק. די סודות־דיקע נאַכטיקע שטילקייט, האָט זיך צעשפּרייט פון האָריזאָנט. פון ערגעץ וואו האָט געפּויזעט נידעריק באַ דער ערד, א זומערדיק־ווארעם נאַכט־ווינטל, וואָס האָט זיך געהויבן וואָס אמאָל העכער און העכער, האָט מיר צעכראַשטשעט דעם האַלדז, צעקנעפּלט די קאַמיסעטע, זיך געגליטשעט אי־

בערן נאַקעטן לייב און מיט זיינע וואַרעמע איידעלע לאַפּקעלעך מיר גע־גלעט מיין פאַרוואונדעט פאַרביטערט האַרץ... פון אויבן האָט זיך גע־לאָזט פאַלן דער זומערדיקער נאַכט־טוי, ער האָט געטריפט אויף די פעל־דער מיט דער בליענדיקער אַלפּאַלפּע זריעה און אָנגעפילט די לופט מיט דופט פון בשמים־ריח, אַז ער האָט געקוויקט דאָס האַרץ.

ס'איז מיר געוואָרן גוט, כ'האָב זיך צונויפגעגאָסן מיט דער שטילער רוהיקער פעלד־נאַכט, און האָב שוין גאָר נישט געטראַכט.

איך בין אַראָפּ פון פערד, פאַרלייגט די צוים טשובליקן אונטערן זאָ־טל, זיך אַריינגעוואָרפן אין דער שמעקנדיקער אַלפּאַלפּאַ, זיך אויסגעצויגן בהרחבה אין דעם נאַטירלעכן שיינעם שמעקעדיקן בעט.

ערגעץ ווייט האָט אַ האָן געקרייט. אַ זשאַבע האָט ערגעץ די לעצטע פראַזע פון איר נאַכט־ליד פאַרענדיקט, און שאַ שטיל.

דער מלאך פון שלאָף האָט זיין שלאָף וויגעלע צעוויגט אין אַלע פעלד ברוגים'לעך פאַרשלעפערט, נאָר איך איינער אַליין האָב איינשלאָפן באַין אופן נישט געקענט.

אַ רויט שטערנדל, אַ פינקלדיקס, אַזאַ שיינס, האָט מיך אין די אוי־גן אַריינגעקוקט און באַ מיר די פאַנטאַזיע זאַפט געפּרעסט.

איר ווייסט וואָס פאַנטאַזיע אין גאָטס־פעלד קען פון אַ מענטשן אויספּרעסן? נו, יאָ, וואָס ווייסט איר פון אַ שלאָף אין פעלד איינער אַליין אונטערן פרייען אויסגעשטערנטן הימל? די מלאכים קלעטערן אויפן לייטער אַרויף און אַראָפּ... האָט נישט קיין פאַראיבל אויף מיר, איך מיין אייך חלילה נישט צו באַליידיקן, נאָר פּשוט דער אמת — וואָס ווייסט אַ שטאָט מענטש פון אַ געזונטן שלאָף, ווען די קוקאַראַטשעס מיט שוּפּטער דראַטוועס אין מויל קריכן אום אויפן געלעגער. דאָס רעדל קלאַפּט, דער וואָגן פון ווערדולעראָ באַרבאַנעט אויפן טראָטואַר און די קישקעס גרימען פון דעם געפּרוירענעם „העלאַדאָ", וואָס ער האָט אין דעם הייסן טאָג אַריין געגליטשט אין זיך. נו, יאָ, איר ווייסט נישט; דערפאַר הערט מיך אויס!

לאָמיך אייך דערציילן מיין פאַנטאַזיע אָדער חלום — רופט עס ווי איר ווילט — דאָס רויטע פייערדיקע שטערנדל, וואָס האָט מיך נישט געלאָזט איינשלאָפן, האָט זיך מעשה לאָקיי אַ רוק געטאָן אָן אַ זייט, און

אַ ווייסער לויטערער שטערן, אָבער אַזוי לויטער, אַז ער האָט באַלויכטן אַ האַלבן הימל, האָט זיך מיט ווירדע באַוויזן און אין דעם ליכטיקן שטערן האָב איך דערזען דאָס ליכטיקע שמייכלענדיקע פּנים פון באַראָן הירש.

לאַכט נישט איך בעט אייך, גלויבט מיר, איך זאָג אייך דעם אמת.

איך האָב אין שטערן געזען דעם איידעלן אידן, דעם באַראָן אין באַגלייטונג פון אייניקע ווייסע בערד, באַקאַנטע געשטאָרבענע חברים קאָלאָניסטן. לייזער ניסענזאָן, בערל ראַבינאָוויטש...

און דער באַראָן רעדט צו מיר:

דו האָסט דאָך אַ גאַנץ קאַפּיטל אין דיינע מעמואַרן: „דער פרומער אונגרע", ער האָט דיר דאַן אין 1911 דעם 12־טן יוני אין דעם טאָג פון זיין מוטערס יאָרצייט צוגעזאָגט: די סטאַטוטן וואָס איך האָב דער געזעלשאַפט יק"א איבערגעגעבן אויב זיי וועלן שטערן צום וואויל פון דער קאָלאָניזאַציע — פאַרבויגן קענען מיר זיי נישט, אָבער אַרומגיין קענען מיר זיי יאָ, — איך וועל אכטונג געבן דאַרויף.

אָט שטייען זיי לעבן מיר דיינע חברים די גרינדער פון דער קאָלאָניזאַציע, זיי לאָזן מיך נישט רוען, זיי האָבן טענות צו מיר, די סטאַטוטן זיינען שווערע, — דער פּראָצענט, דאָס נישט באַוואָרענען זייערע זין, זייערע אלמנות; זיי האָבן טענות פאַר דעם, וואָס מ'לאָזט איבערגיין זייערע נחלאות אין פרעמדע הענט... די ווייסע בערד האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

איך האָב געוואָלט עפּעס ענטפערן, איז אָבער דאָס בילד פון מיר פאַרשוואונדן.

איך האָב זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן „טשובליק" און מיט דער צווייטער אשמורה פון דער נאַכט געקומען אַהיים.

# א בלעטל זכרונות

נעכטן פאַרנאַכט פאַרט אַן דער אַלטער מאיר קווייטל, שטעלט זיך אַפּ פאַר מיין טיר, זאָגט נישט קיין „בועז דיאַ", נישט „בוענאָס טאַרדעס", ווי זיין שטייגער איז, און ער שטרעקט אויס זיין האַריקע מאַזאָלענע האַנט.

— נאַט — זאָגט ער — א מתנה צום גויאישן יאָר, וואָס ס'האָט אייך געשיקט דער קרעמער „שירגעלע" פון שטאָט — א קאַלענדאַר מיט א געמאָל פון אויבן.

— וואָס זיינט איר אזוי ברוגז, ר' מאיר, וואָס פאַר א געמאָל, וואָס פאַר א בילד האָט ער דאָרט אוועקגעשטעלט, וואָס איז אייך אזוי נישט לרצון?

— נעמט וויקלט אויף דעם פּאַפּיר, קוקט!

דער פויער שטעלט אַן די אויגן און גיט א טרייב דאָס פערדל, און, אַן א זיי געזונט פאָרט ער זיך אַוועק.

איך בין געבליבן שטיין מיט דעם גויאישן לוח אין דער האַנט, און געקוקט ווי מיט רויטע גרויסע אותיות שטייט דאָס יאָר 1933, א דריי, א גימל. אין אונדזער אידישן יאָר זאָגט מיר דער געדאַנק אויך א גימל, תרצ"ג. איז וויפל קאַסטעשעס האָבן מיר שוין דורכגעמאַכט ביז צו דער גימל? וויפל האָט ער געזאָגט דער אידישער מוזשיק? פערציק? דער זכרון האָט גענומען מישן אין דעם אַלטן לוח, געבלעטערט אויף צוריק, זיך אָפּ־געשטעלט באַם בלעטל תרנ"ג.

יאָ, די ערשטע גליקלעכע קאָסטעשע אונדזערע אויף אַרגענטינער

ערד איז אין תרנ"ג געווען — איז וויפל איז דער מהלך צווײ גימלען? דאכט זיך אַ גאַרנישט, אַ שטיקעלע וועג: פיר מאָל צען... אָבער וויפל ימים מיט צרות זיינען דורכגעלאָפן אויף אונדזערע פּיאָנערן קעפּ צווישן די ביידע גימלען? נו, יאָ. צרות ווער דאַרף זיך רעכענען מיט זיי? אַלע טייכן לויפן אין ים אַריין, ווערן פאַרשלונגען אין זיין בויך, און ער ווערט קיינמאָל נישט פול, קומען צרות אויפן אידישן פאָלק אין כלל און אויפן אינדיווידום בפרט, און די מאָס איז דאָך פאָרט נישט פאַרפולט, דעם ים וועסטו נישט אויסשעפּן, און צו די אידישע צרות וועט אזוי גיך קיין עק נישט נעמען.

רעדט בעססער פון פרייד, רייצט מיר דער געדאַנק, קוק אַהין אין דעם בלעטל, וואָס איך ווייז דיר 1893. אָט אָ דאָס יאָר תרנ"ג, וואָס פאַר אַ פריילעך יאָר דאָס איז געווען. אונדזער ערשטע גליקלעכע קאָסעטשע. ווי האָבן מיר זיך מיט איר געפרייט? איך געדענק דאָך עס אזוי קלאָר... וואָס פאַר אַ שיינע זון האָט דאַן געשיינט. וואָס פאַר אַ לעבן, וואָס פאַר אַ חיות ס'האָט זיך געגאָסן אין מיין האַרץ! אייגענע ברויט, וואָס מיינע אייגענע הענט האָבן געשאַפן? ווער איז אימשטאנד אויסצומאָלן די שמחה, וואָס האָט מיך דאַן באַהערשט? איך האָב געשטרעקט די הענט צו דער זון, גע־האַלדזט די ערד, זי געקושט מיט ליבע, פאַר איר ברכה געדאַנקט גאָט, וואָס איך האָב דערלעבט צו אזא שיינעם ליכטיקן לעבן, ציען מיין חיונה פון דער ערשטער קוועלע, אָן פאַרמיטלער, אָן פאַלשער וואָג און מאָס... די שענסטע צייט פון מיין לעבן איז דאַן אין דעם תרנ"ג געווען.

און נישט פאַר מיר אַליין האָט די ליכטיקע זון מיטן גליקלעכן לעבן דאַן געשיינט, אַ סך פון אונדזערע אידעאַליסטישע אידישע פויערים, וואָס האָבן געאַרבעט די ערד מיט אַן אידעאַל צו מאַכן אַ היים פאַר זיך און פאַר פיל פון אונדזערע ברידער, וואָס ווערן פּאָגראָמירט און פאַרפאָלגט, אַלע האָבן מיר זיך דאָ אזוי גליקלעך געפילט. אונדזערע הערצער זיינען איבער־געפולט געווען מיט ליבע צו דעם נייעם לעבן און צו דער הערלעכער עבודת האדמה, און בײַ אייניקע איז דאָס פאַרבליבן פאַרזיגלט, איינבאַלזאַמירט אויף לאַנגע לאַנגע יאָרן. און לאָזט נישט די גרויע פינסטערע שאָטנס פון דער ווירקלעכקייט שולט צו זיין אויף אונדז, ווען דער חורבן וואַרפט זיך אין די אויגן, ווען מיר זעען אונדזער אידעאַל ברעכט זיך, אונדזער ערד,

וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט אונדזער שוויים און אַלע אידישע קאָלאָניעס— די ערד ווערט ביסלעכווייז פאַרפרעמדט... ווען קיין ליכטיקן מאָרגן זעען מיר נישט פאַר זיך.... און דער יאוש שטרעקט זיינע פינסטערע לאַפּעס צו אונדזער האַלדז... דאַן ווענדן מיר אונדזער בליק אויף צוריק — צו אונ־דזער שיינעם נעכטן... צו דעם גאָלדענעם עבר...

אַ רייכן אוצר האָבן מיר אין דעם נעכטן פאַרשלאָסן, מיר האָבן דעם עבר אויף קלאָר, אָט האָט איר אַ בילד, אויף מיין גאַנצן לעבן וועל איך נישט פאַרגעסן

ס'איז חודש יולי 1893. דער קאָלאָנעל גאָלדשמיד, וועמען די אידן האָבן באַטיטלט מיטן נאָמען „מיכאל שר חובב ציון”, דער האָט זיין שלי־חות אין אַרגענטינע פאַרענדיקט. אַלע עמיגראַנטן באַזעצט אויף דער ערד, האָט נאָך מיט זיינע אויגן געזען פעלדער אָנגעטאָן אין גרינס מיט ווייץ און ליאָן, וואָס אידישע אימיגראַנטן הענט האָבן פאַרזייט.

דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער, די זון האָט געשיינט, געשאָטן מיט גאָלד, האָט אָפּגעשפּיגלט די גאָלדענע עפּאָלעטן אויף זיינע אַקסלען, און דער ווידערשיין האָט באַגילדעט די עדה קאָלאָניסטן מיט די צעקעמטע בערד, וואָס אַרום אים...

— וויפל האָבן זיי פאַרזייט ווייץ? — פרעגט דער ענגלישער קאָלאָ־נעל דעם יונגן פריילעכן הויך־געוויקסיקן מרדכי בליצמאַן, וואָס האָט זיך געשטעלט נאָענט נעבן אים.

— אַכצן העקטאַר, הער קאָלאָנעל — ענטפערט אים בליצמאַן. און מיט זיין קרעמערישער נאַטור נעמט ער שוין מאַכן אַ חשבון וויפל רוחים דאָס וועט אים אריינטראָגן.

— אַזוי, זיינט איר זיכער מיט פאַרדינסט? — שמייכלט דער קאָ־לאָנעל און קוקט אַרום די צעשטראַלטע פּנים'ער פון די ביישטייענדיקע קאָלאָניסטן, וואָס שאָקלען צו מיט די בערד.

— מיר גלויבן אַזוי, הער קאָלאָנעל, די ערד איז גענוג רייך. מיר האָ־בן פון וואַנען צו נעמען.

די געשטאַלטן פון יענעם נאָענטן נעכטן שוועבן מיר פאַר די אויגן און טרייבן אוועק דעם יאוש, זיי לעבן אויף אין מיין זכרון, די פנימער פון די אַלע גליקלעכע אידעאַליסטישע פריש געבאַקענע אידישע פויערים מיט זייערע פריילעכע ניגונים, אויסזינגענדיק אַ לויב געזאַנג דעם באַראָן הירש און אויך דעם פרייען לאַנד, וואָס האָט זיי איינגעבירגערט; זייערע טענץ אונ־טערן פרייען הימל, זייערע פריילעכע שטימען מיטן אויסגעשריי: „וויוואַ אַרגענטינאַ"! לעבן זאָל דער באַראָן הירש!"

די אַלע קולות שוועבן נאָך געוויס אַרום דאָרט אין די ווייטע פּאַמ־פּעס, וואו דער „פּאַמפּעראָ" האָט זיי פאַרטראָגן, זייער עכאָ טראָגט זיך דאָרט אַרום אין די שפּאַלטן פון די אַנדן בערג...

וועט זיי דען דער היסטאָריקער אַמאָל נישט געפינען? פאַרוואָס זאָלן מיר פאַרצווייפלען, זיך פאַריאושן, ווען מיר האָבן אַזאַ שיינעם נעכטן, אַזאַ גלענצנדן עבר... ער שיינט דאָך, איך געדענק אים דעם עבר — ענטפערט דער קאַמענעצער קרעמער פריילעך.

— און איר? — פרעגט ער דעם צווייטן הויכן אידן, דעם בראַס־לאַווער חסיד רב משה ליכטמאַן — וויפל העקטאַר האָט איר פאַרזייט.

— איך אַדוני השר, האָב נאָך גאָרנישט פאַרזייט, ווייל ס'איז די דריי וואָכן.

— וואָס איז דאָס? איך ווייס עס נישט?

— זיי ווייסן נישט? אדוני השר איז דאָך אַ חובב ציון? פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באב, די דריי וואָכן קלאָגן מיר אויף ציון, וואָס איז חרוב געוואָרן. אין די 21 טאָג וואָס אַ איד זאָל נישט טאָן איז דערין נישט שולט די ברכה. נאָך תשעה באב וועל איך פאַרזייען מיין פעלד. (אַלע זיי־נע יאָרן האָט ער זיך אַזוי געפירט, דעם שפּעטסטן פאַסיעוו, און טאַקע אָפּט דעם ערגסטן אַרויסבאַקומען).

— נו, האָבן זיי נישט קיין פאָרכט, אַז ס'וועט שפּעט זיין צום וואַקסן?

— חלילה, אדוני השר, די מזונות פונעם מענטשן ווערן אָנגעצייכנט

פון ראש השנה ביז ראש השנה פונעם צווייטן יאָר, איז ווען מען וועט זייען מער וויפל ס׳איז דאָרט אָנגעצייכנט וועט נישט וואַקסן, אַפילו קיין איין קערנדל מער וועט דאָס פעלד נישט אַרויסגעבן.

דער קאָלאָנעל האָט זיך באַ די רייד אַ טרייסל געטאָן, און האָט אים שאַרף אָנגעקוקט, און אַ זאָג געטאָן:

— אַ שאַדע, מיט אַזאַ גלויבן נישט באַדאַרפט קומען קיין אַרגענטינע.

# דער אלטער פויער

דעם דריטן ווינטער, וואָס דער אַלטער פויער פאַרברענגט אין שטאָט.
וואָס טוט ער אין שטאָט? ווען איר זאָלט אים פרעגן, וועט ער אייך ענטפערן מיט אַ האַרצרייסנדיקן זיפץ: איך ווייס אַליין נישט וואָס. זינט איך האָב מיין אַלטע ע״ה איבערגעלאָזט דאָ אין שטאָט... די טרערן לויפן אים אָן אין די אויגן, און ער דרייט זיך אַוועק,לאָזט אייך שטיין מיט דער פראַגע אין מויל — איר דאַרפט שוין אַליין פאַרשטיין — אויב נישט קענט איר הערן, וואָס מענטשן באַקאַנטע דערציילן.
אַט וואָס מ׳דערציילט:
אָפּגעלעבט מיט דער אַלטער זיינער עטלעכע און פערציק יאָר אין פעלד, געפירט אַ פויערישן פשוטן דאָרפס־לעבן, געצויגן היונה פון דער מאַמע ערד און מגדל געווען קינדער.
פלוצים די אַלטע געפינט זיך עפּעס נישט גוט, גענומען — אַזוי כמעט ווי אויף געלעכטער — אריינגעפאָרן מיט איר צום דאָקטער אין דער גרויסער שטאָט, און איינס און צוויי נישט געטענהט, נישט געטראַכט, זי איז געבליבן שלאָפן דאָרט איר אייביקן שלאָף... און דאָ, דער אַלטער, קען זיך קיין אָרט נישט געפינען. א גאַנצן ווינטער וואַלגערט ער זיך אין דער אכסניה, פון וואַנען מ׳האָט באַ אים זיין יוגנט פריינט — וועלכע ער קען בשום אופן נישט פאַרגעסן — צוגעראַבעוועט — אַזוי זאָגט ער. —
ער גייט אום דער אַלטער אַ ברוגזער, קלאַפּט מיטן שטעקן אין די טראָטואַרן, קוקט אָן די שטאָט מיט איר יאָגעניש און פּלאָגעניש צו וועלכן ער איז נישט געוואוינט. אָפט מאָל גייט ער אויפן בית עלמין, בלייבט שטיין

פאַרן קבר פון זיין לעבנס־באַגלייטערן, וואָס האָט אים געליבט מער ווי איר לעבן העכער אַ האַלב מאה יאָרן, אים אָפּגעהיט, ווי דאָס אַפּעל פון אויג. ער מעסט מיטן אויג, דעם שמאָלינקן קליינטשיקן חלק ערד, וואָס די שטאָט האָט איר — פאַר היפּש געלט — באַוויליגט, איר, דער באַלעבאָס־טע, די „פּאַטראָנא" פון צוויי הונדערט מיט פופציק העקטאַר לאַנד. ער רעדט צו איר אין דער שטיל... ווער נעמט זיך אונטער צו וויסן, וואָס מאַן און ווייב ריידן צווישן זיך באַם לעבן בפרט ווען אויף איינעם פון זיי קומט אָן דער אייביקער שלאָף.

פאַלט אַ גראָבע פויערישע טרער איינע נאָך דער אַנדערער, ווערט פאַרשלונגען אינעם בערגל ערד — גראָבט די טרער אין דער טיף קומט ביז צו איר רוה... ווייסט זי דערפון? ווער קען עס אונדז זאָגן? אַ פּאָר שוואַרצע האָר וואָס געפינען זיך נאָך אין זיין באָרד, ווערן ווייס, אַ שטיקל נאָך נישט געפאַלדעוועטע הויט אויף זיין פּנים, קאָרטשעט זיך איין, און גאָרנישט... איינגעבויגן דעם קאָפּ און געשוויגן — אַ ברירה איז דאָ?

אמאָל, כאַפּט ער זיך אַריין אין שול אויסגיסן זיין תרעומות: — פאַר דעם וואָס מיר ווילן גלויבן אַז ער איז דאָ... קלאָגט ער זיך פאַר אים, פאַר דער עולה וואָס ס'איז אים געשען...

אַמאָל נעמט ער אַ טראַמוואַי, פאָרט אַזוי לאַנג ביז דער קאָנדוקטאָר הייסט אים אַראָפּגיין, אָדער נעמען אַ צווייטן בילעט.

אין אַלע אידישע אינסטיטוציעס קומט ער אַריין, קוקט זיך צו, וואָס גוטע מענטשן טוען מיט זייערע געפאַלענע ברידער, וועמען דער שיקזאַל האָט באַעולט פיל ערגער פון אים.

ער קען אַמאָל אומגיין גאַנצע טעג אין די אָרעמסטע ענגע הושכדיקע פלעצער, וואו דער דלות פירט זיין ממשלה מיט זיין שוואַרצער ברייטער האַנט.

וואָגלט אַרום צווישן די היימלאָזע, דאַכלאָזע, וואָס זוכן כאַפּן אַ דרעמל אין די פּלאַסעס, אין די פּאַרקן, אָדער אויף פאַרבאָרגענע טרעפּ פון אַ הויז, וואו דער נאַכט שומר קען נישט דערזען...

ער זעט אינעם פרעמדן מענטשן־צער טרייסט פאַר זיך...

באַגעגנט אים אַ שטאָטישער תושב, וועלכער האָט נישט איינמאָל אָן אָנבייסן,אַ וועטשערע, בּאַ אים אין דאָרף געגעסן, אַ לינת־לילה מיטן גרעסטן כבוד און זאָרגפעליקייט באַקומען.

— וואָס מאַכט איר ר' שמעון? וואָס טוט איר דאָ אין שטאָט?

— איר ווייסט גאָרנישט, איר האָט נישט געהערט?

— וואָס הייסט איך האָב נישט געהערט? אָבער דאָס איז דאָך אַ זאַך וואָס...

— וואָס אַ זאַך? וואָס זיינט איר שטיין געבליבן? איר האָט עפּעס אַ וואָרט אום צורעכט פאַרטיקן די זאַך? אדרבה זאָגט!

— רעכטפאַרטיקן ווילט איר? אַ מאָדנער מענטש זיינט איר!.. די פויערים אין פעלד — מעג זיין אידישע — פאַרמאָגן אין זיך עפּעס אַ מין איינגעגעסענע עקשנות.

— מיט וואָס פריינט, זעט איר אויף מיר דאָס עקשנות?

— מיט וואָס? מיט דעם אליין, וואָס איר ווילט זיך נישט אונטער־געבן דעם שיקזאַל...

— וואָס טוט איר דאָ אין שטאָט? פאָרט אהיים אין אייער שטוב, אייער פעלד, גאָרטן, סאָד, וואַלד, איר וועט אייער פרוי שוין לעבעדיק נישט מאַכן... איך האָב איצט זייער קיין צייט נישט מיט אייך צו ריידן, נאָט אייך מיין אדרעס מיטן טעלעפאָן — קומט אמאָל אריין צו מיר, נאָר קלינגט אָפּריער אָן. איר ווייסט דאָך די שטאָט. און לויפט אוועק.

דער אַלטער בלייבט שטיין קוקט אים נאָך דעם באַקאַנטן. ער ווייסט, אַז ער זאָגט ליגן, אַזוי ער, אַזוי זיין טעלעפאָן... ליגן, ליגן, — רעדט דער אַלטער בּאַ זיך אין געדאַנק — די גאַנצע שטאָט שטייט געבויט איינגע־קנעטן אין ליגן... צוויי מיליאָן מענטשן זיך צוזאַמענגעדרענגט אויף אַ קליין שטיקל ערד באַבויט מיט שטיינער, באַגאָסן מיט אַספאַלט — די מיילער, ווילן נעבעך עסן, וואָס זאָלן זיי טאָן? שלינגען זיי זיך איינס ס'אַנדערע אַזוי ווי די פיש אין ים. אָבער דאָס רוב שטאָט־מענטשן, מאַכן עס איידל, פּאָלירט אַזוי ווי דאָס ליגנערישע היהלע, דאָרט אין טיפן אזיע, וואָס מאַכט אַזוי לאַנג קונצן פאַרן מענטשן ביז ער גיט אַ לאַך, דאַן פאַר־

ליוט דער מענטש דעם שכל, און ביים איר נאָך אין איר נאָרע אריין און זי זוינגט בא אים אוים דאָס בלוט...

ווער האָט אויסגעטראַכט די שטאָט? די ביבל דעכנט עס צו דעם ערשטן ברודער מערדער... דער רוצח, וואָס די מאַמע ערד האָט געציטערט אונטער זיינע פיס. „ארץ נוד“ האָט מען זי גערופן, זי האָט זיך געשאָקלט פאר שאנד און צער, און זיך געשעמט אים אויף זיך צו טראָגן... אלע באַשעפענישן האָבן אים פאַרהאַסט, האָט ער מורא באַקומען דער מערדער צו בלייבן אין פעלד, גענומען צונויפטראָגן שטיינער זיך אויסגעבויט אַ שטיינערנע שטייג־שטאָט... און די שטאָט פאַרשעמט בישט איר גרינדער, איר טאַטן... זי בייט אין זיינע ווענט... ער שפּייט אויס דער אַלטער, קוועטשט בעסער צו דעם שטעקן און שפּאַנט ווייטער.

נעבן דעם ארויסקום פון אַן אונטערערדישער באַן וואו עס שטראָמען ארויף און אַראָפּ כוואליעס מענטשן, יונג און אַלט, אָריעם, רייך, לויפן מיט אימפּעט, כאַפּן אַן אָמניבוס, אַ קאַטש; דאָרט אָנגעשפּארט, אינעם פּאַרענטש פון דעם חלל וואָס שפּייט כסדר מיט קעפּ ארויף און פיס אראָפּ, האָט ער אַמאָל ליב צו שטיין, ווערט תחילת באַגייסטערט פון דעם שטראָם לעבן, וואָס ווימלט דאָרט אַזוי שטאַרק. די בחורים מיט בלויזע קעפּ און היטלען גלאַט פארקעמט מיט אַ שרינטל אין זייט, אַ פּאָר דינינקע גע־קאַרבטע וואָנסעלעך, וואָס שמייכלען זיס פון זיך אַליין.

און די מיידלעך, אַלע מיט געקרויזלטע קעפּ, געפאַרבט אין אַלערליי קאָלירן פון רעגנבויגן... ברעמען איבער די אויגן ווי דינינקע פעדים, באַשטראַלט מיט ווייבערשן חן... ער זעט צעצונדענע אויגן, וואָס קרייצן זיך פון מין צו מין... ער זעט דעם האָניק, דעם לעבנס־זאַפט, וואָס טריפט פון זייערע ליפּן און אַ רחמנות, אַן אומגעהויער מיטלייד באַפאַלט אים דער־ביי — קינדער טייערע! וויפל געדויערט עס אָט־אָ־דאָס אינגאַנצן? אַ חלום, אַ רויך, אַ שטרויעלע אויפן ווינט... ערשט נעכטן דאַכט זיך בין איך גע־ווען אָ דאָס וואָס איר און זעט וואָס ס'איז פון מיר געוואָרן?

ער בלייבט שטיין מיט אַן אראָפּגעבויגענעם קאָפּ און דער צער פון דער וועלט איז אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים.

א יונגער סאָלדאַט, אַ קאָלאָניסטישער זון, אָנגעטאָן אין זיין מיליטער אוניפאָרם קוקט אים אָן:

— וואָס אַזוי באַצערט זיידעניו? וואָס איר קענט נישט לויפן אַזוי ווי זיי?

— האָסט געטראָפן מיין קינד — ענטפערט ער אים מיט אַ זיפץ — איך באַדויער פונעם גאַנצן האַרצן דאָס יאָגעניש, דאָס אומזיניקע לויפן.

— פאַרוואָס עפּעס אומזיניקע? איר ווייסט וואוהין יעדער פון זיי לויפט?

— און דו ווייסט עס נישט? יעדער פון אונדז לויפט דעם וועג: אין שוואַרצן קאַסטן אַריין גלייך די ווערים אין מויל אַריין...

— דאָס מיינט איר? כי, כי! כי!

— דאָס איז דאָך נאַטור! — אַזוי איז דאָס לעבן!

„אַסי עס לאַ ווידאַ!" — גיט ער צו אין שפּאַניש. כי! כי! כי!

— נאַטור זאָגסטו? אַסי עס לאַ ווידאַ? ווער איז די נאַטור, וואָס שאַפט אַזאַ לעבן, און פאַרוואָס לויפט עס אַזוי גיך אוועק דאָס לעבן?

און וואוהין קומט עס אַהין דאָס לעבן? מיר ווייסן דאָך נישט, נאָך וואָס מיר זיינען געקומען, און פון וואַנען מיר זיינען געקומען, און וואוהין מיר גייען? באַלד, באַלד, איידער דו קוקסט זיך אַרום...

— איי, איי, זיידעניו! לאָזט מיך צורו מיט אייער אַלטקייט. אַט גייט מיינע.

אַ שיין מיידל מיט אַ רויט געקרייזלטן קאָפּ, איז אָנגעקומען, זיי האָבן זיך באַ די הענט גענומען און זיינען אין טראַמוואַי ביידע אַרויפגע־שפּרונגען.

דער אַלטער האָט זיי נאָכגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געשפּאַנט ווייטער.

אַזוי שפּאַנט ער אַרום שוין דעם דריטן ווינטער אין שטאָט ביז עס קומט דער חודש, ווען אין די שילן הויבן אָן שאַלן די שופרות און אַ גאָטס פאָרכטיקער וואָלקן וויקלט איין די שטאָט.

זיפצן פון הערצער טראָגן זיך אַרויף, טרערן פון אויגן קאַפּען.

שטייט בײַ דער טיר אין אַ ווינקל אַ איד, בעט הארציק בײַ דעם, וואָס זעט אונדז יאָ, און מיר אים נישט, ער זאָל אים באַהילפיק זיין בײַ זיין ביטערער פרנסה.

שטייט דער פויער אין שיל, קוקט ווי ס'פאַלן בײַ די מענטשן אזעל־כע האַרציקע טרערן, יעדער וויל זיין גלייך צו זיין באַשעפער: דער, מ'זאָל אים נישט זען... און דער מ'זאָל אים נישט פארשטיין. פרעגט ער זיך דער פויער: האַר פון דער וועלט! פאַרוואָס האָסטו אזוי מיאוס דערנידערט דעם שענסטן פון דיינע אַלע באַשעפענישן, ער זאָל דאַרפן באַקומען זיינע מזו־נות — זיין שטיקל ברויט אויף אזא וועג? — און נאָך מיט אַזוי פיל שרעק, יסורים און צער — ווען די בהמה אין פעלד האָט עס אָן אַרבעט בהרחבה און אומזיסט...

אַ גרויסע טרער לאָזט ער פאַלן אינעם מענטשלעכן טרערן־כוס, וואָס ווערט קיינמאָל נישט פול... און ווען דער שופר אין שיל שאַלט אויס זיין אײנציקע גרויסע תקיעה, און די דריי נחמה ווערטער: לשנה הבאה בירושלים! דאַן גייט דער פויער אין אכסניה אַריין, ווינטשט אַלעמען אַ שנה טובה און פאַרט זיך אַוועק אויף אַ גאַנצן זומער צו זיין אַרבעט אין פעלד.

# פּיצי גוי

אַלע קאָלאָניסטן רופן אים „דער נישטיקער קאָלאָניסט". זיינע נאָ־ענטע שכנים רופן אים גאָר אַנדערש, — דער גוי — פּיצי גוי!

מיינט איר אפשר, אז ער איז אַ געזונטער, הויכער, ברייטער רויטער גוי? ניין! דוקא אַ דאַרער, אַ קליינער, אַ מאָגערער און שוואַרצינקער איד. און דערצו אַ חלוש. רעדט שטיל און לאַנגזאַם, קייעט ממש די רייד, נאָר אַרבעטן, אַרבעט ער ווי אַ גוי.

זומער און ווינטער טראָגט ער איינע און די זעלבע בגדים. נאָר זו־מער טראָגט ער אַ גאַליציאַנעם קאַשקעטל. דאכט זיך נאָך פון דאָרטן מיטגעבראַכט, און ווינטער באַצירט זיין קליינעם נישטיקן קאָפּ מיט אַ שוואַרצע קוטשמע מיט אַן אויפגעשטעלטן דעניק.

ווי אלט איז שוין די קוטשמע? זיבן שמיטות יאָרן האָט זי שוין אָפּגע־צאָלט. באַקומען האָט ער זי בירושה פונעם פאָטער, צוזאַמען מיט אַנדער־האַלבן שנור פעלד דאָרט אין דאָרף „וואָקאַוויץ", אין גאַליציע.

אמת, היטן היט ער, די קוטשמע ווי אַן אויג אין קאָפּ. אזוי, אַז קיין עלטער נעמט זיך גאָרנישט צו איר. אפילו דאָס צייט־ווערימל „מויל־אויל" וואָס קלאַפּט אָן צו יעדן מיט זיין טויטן צינגל: קריך אָפּ! עס איז צייט, האָט אויך צו דער האָריקער קוטשמע קיין שליטה נישט.

אָדער ער האָט זי בכיון פארשווינט, זאָל דער נייער דור זען דאָס ווינ־טער היטל, וואָס די עלטערן האָבן געטראָגן דאָרט אין יענער זייט ים.

אָט אזוי אין די בגדים אַרבעט דער „נישטיקער" די ערד, שוין אַ צייט מיט יאָרן, ממש ווי אַ גוי...

אין ענדע פון 1892, ווען די אַדמיניסטראַציע האָט די רביים „דאָן

באַזי און דאָן כוליאַ" אַרויסגעשיקט אונדזי עמיגראַנטן צו לערנען די ערד אַרבעט, האָט דער גוי נישט געוואָלט באַ זיי לערנען, — וואָס ווייסן זיי די שפּאַניער? מיט אַ דאָפּל־פּלוג האָט ער באַין אופן נישט געוואָלט אַקערן — די צוויי לעמישעס פאַרדאַרבן די אַרבעט, די ברכה קען נישט שולט זיין ווען מ׳כאַפּט... — זאָגט דער „גוי" — צווישן ביידע מעסערס בלייבט אַ פּאַסיקל ערד נישט געאַקערט און די קרקע בתולה „צעלענאַ" באַהאַלט דאָרטן איר גאַנצן מזל.

אויך מיט אַ זיי מאַשינע, האָט ער יאָרן נישט געוואָלט זייען דאָס פעלד, — דער טאַטע האָט מיך געלערנט, אַז מ׳דאַרף זיך איינוויקלען אין דער „סיעוואַ" און אַכטונג געבן, אַז די טאָרבע מיט די קערנער זריעה, זאָלן אויסקומען פּונקט אַקעגן האַרץ דאָרט ווי מ׳פּילט דעם של יד פון די תפילין... און למע"הש נישט מאַכן אַ גרויסן שפּאַן.

איבעראַל האָט ער מקפּיד געווען אויף גאָרטן אַרבעט. די אַרבעט איז באַ אים געווען אַ עבודת הקודש.

קינדער — פלעגט זאָגן דער גוי, און קייען די רייד — היט דעם גאָרטן, ער איז אייער חיונה!

דאַכט זיך וואָס איז אַ ציבולקע, אַ בוראַקל, אַ הייפּטעל קרויט? פון איין העקטאַר ווייץ, ווען ער געראָט קען מען דאָך קויפן אויף אַ יאָר גרינוואַרג?

פונדעסטוועגן, באַ אַ שלעכטע ערנטע, וועט אייך דער גאָרטן פונעם דלות פאַרהיטן... דריי פאַנצערס פאַרן דלות האָט אַ קאָלאָניסט: מילך־פּראָדוקט, גאָרטן־וואַרג און עופות־פלאָד. דאָס איז זיין מאָטאָ געווען.

און ער אליין איז געווען אַ „אומר ועושה". נאָך גאָר אין די ערשטע יאָרן, האָט ער שוין קערנער פון אַלערליי פּרוכט־בוימער צוזאַמענגעקליבן, געזעצט און איבערגעזעצט, „אַלמאַסיגעס" געמאַכט.

און די אידענע זיינע, די שוואַרצע גאַליציאַנערן האָט עופות געפּלאָ־דעט. אין בוזים האָט זי די פּיצינקעלעך הינדעלעך געוואַרעמט... די קאָ־לאָניע האָט פון זיי געלאַכט: „פּיצי גוי"! וואָס ווייסט ער און וואָס פאַר־שטייט ער?

יאָרן זיינען אַוועק. פאַרוואַקסן איז געוואָרן דער גוי, רונד אַרום

א גרויסן שטח ערד אין גרינעם איינגעטונקען... מ'זעט אפילו קיין שטוב נישט ארוים.

קיינער איז צו אים נישט געקומען. די שכנים פון דער גרופּע פּלעגן אָפטע צרות פון זיינע בינען ליידן, הערט א גוי, גאָר בינען פּלאָדיען! זיי האָבן איין מאָל די שכנה מאדאם ס. אזוי צו ביסן, אז מ'האָט זיך טאקע אין אמתן דערשראָקן. ווער האָט זיך אויף אים אומגעקוקט א נישטיקער, א גוי...

די קאָלאָניע האָט פּראָגרעסירט. מ'האָט גרויסע פּאסיעוון מיט מאָדערנע אגראר־מאשינען געארבעט, מ'איז מענטשן געוואָרן. אין די דריי בענק פון קאסארעס א ווערט באקומען. די קאָמערציאנטן רונד ארום האָבן בא אונדז וועקסלען אויסגעבאָרגט. „פּאוואָר וועקסלען" האָט עס געהייסן...

די שעפן פון די בענק האָבן דערפון געוואוסט און אויף אונדז כבוד געליינט.

איניקע פון אונדז האָבן די רייכע אלטע מאָזעסווילער קאָלאָניסטן, (סוחרים בלעז") נאָכגעטאָן. האָבן די אגריקולטור ארבעט אינגאנצן אוועקגעוואָרפן, „סקאָטינטשיקעס" גלייך מיט יענע געוואָרן, פּי־הענדלער, שטיקלעך געקויפט און פּי־סוחרים געוואָרן און דער גוי זאָל זיך דאָס אפילו א ריר געבן פון פּלוג?

שטיקלעך ערד האָט ער געארבעט, עופות געהאָדעוועט און אייגענע קעלבלעך געפּאשעט.

ווען א סוחר האָט שוין בא אים יאָ אמאָל א שטיקל חתימה אין באנק אריין אויסבאָרגן געוואָלט, איז דאָך אָבער די צרה: א בעזגראמאָטנער איז ער... הגם פילע פון אונדז האָבן זיך אין דעם משך פון יאָרן אויסגעלערנט, גאנץ פיין אונטערשרייבן, און די פירמעס אין די בענק רעגיסטרירט...

דער גוי האָט זיך לערנען נישט געוואָלט...

א רינגעלע מיט צוויי פּאסיקלעך אין שטיצע בוך פון 1891 בא דער יק"א האָט ער אוועקגעלייגט, און מער חתמעט ער נישט...

דער שטראָם פון פּראָגרעס און ציוויליזאציע, האָט אונדז קאָלאָניסטן אין דעם משך פון נעם פערטל יאָרהונדערט, ווייט און הויך געטראָגן, מיר האָבן געסוחרט, קינדער געבילדעט, דאָקטוירים, יוריסטן, אינזשעניערן פון

זיי געמאַכט, און דער גוי — ס'זאָל אים אַפילו אָנהויבן אַרן. זיינע קינדער האָבן די יק"א שולן מיט זייער תורה אדורכגעמאכט, ווייסן זיי, אַז בורא מאורי האש מאכט מען איבער א דונער, המוציא לחם מן הארץ — איבער א בולקע, און אַז דער ניינטער יולי, איז אַ יום־טוב פּאַטריאָ, ארגענטינער יום־טוב... און שרייבן זיך שוין אונטער אויףביידע שפּראַכן, שפּאַניש און אידיש — מער דאַרף אַ קאָלאָניסט נישט, — זאָגט דער גוי...

נו, געווים וואָלט „דער נישטיקער" אינגאַנצן געוועזן פאַרגעסן געוואָרן, ארויס פון זכרון...

גיט זיך אָבער דאָס רעדל אַ דריי, און דער גוי שווימט ארויף...

דער גאָט „מאַמאָן" איז אין כעס געוואָרן און נעמט אין יאָר 1913 — א שלעכטער מספּר, און צעברעכט כמעט אַלע אונדזערע סוחרים רונד אַרום, קומען ארויס בולט, די אַלע אויסגעבאָרגטע התימות פון די גרויסע רעגיסטרירטע באַנק־ביכער, און שטשירען אויס זייערע ציין אויף דער קאָלאָניסטישער ערד... און מ'נעמט זי צום פאַרקויפן... קומען גוים, גרויסע גראָבע, פעטע, טאַקע אמתע גוים, מיט שווערע בייטלען געלט און קויפן אָפּ די ערד...

מילא גוים קויפן ערד. עשו א איש שדה, קויפט פעלד, אָבער ווי איז בעראַשט זיינען מיר געוואָרן, אַז צווישן די גוים איז אויך אונדזער „נישטיקער פּיצי גוי"! ער קויפט אויך...

אין צפון און אין דרום פון זיין טשאַקרע, האָט ער שוין די אידישע שכנישע פעלדער אָפּגעקויפט, און ער שטייט וואַרט נאָך אויף די לענדער פון מזרח און מערב, וואָס קאָנוואולסיען שוין אויך בא זייערע ערשטע באַזיצערס אין די הענט, אָפּצוקויפן זיי און אַריינעמען זיי אין זיינע בעזגראַמאָטנע הענט...

אונדזערע קאָלאָניסטישע קינדער, וואָס קומען אָן באַלד אויף וואַקאַנסע צייט אין פעלד, און וועלן נעבעך שוין טרעפן זייערע עלטערנס פעלדער אינגאַנצן אויסשטודירט... אין א פרעמדן רשות... ווען זיי וועלן זיך דראַפּען דאָרט אויף די בוימער אין סאָד בא „פּיצי גוי", וועלן זיי מודה זיין דעם בן סירא פון צוריק מיט צוויי טויזנט יאָר, אַז: דער „פּלוג מיטן בוך" קענען נישט שטימען... און אַז די ערד האָט ליב אַזאַ גוי...

# אויף אידישער ערד

— 1 —

דער פרישער פרילינג, האָט נאָר וואָס אויפגעעפנט זיינע גאָלדענע ברעמען, ווען מיר זיינען אויף דעם באָדן פון מאוריציאָ ארויף.

— דאָ איז שוין אידישע ערד — זאָגט צו מיר מיין חבר — דאָ קען־נען מיר שוין אָפּשטייגן פון די פערד און זיי לאָזן אביסל פּאַשען, דאָס געשמאַקע זאַנפטע גראָז.

איך האָב אים געפאָלגט און מיר האָבן די פערד אָפּגעזאָטלט, געפּען־טעט און אליין זיך אויסגעצויגן אויף דער טוי־נאסער אידישער ערד, אום זיך אויסגלייכן די ביינער פון דעם דריטהאַלבן שעהדיקן גאַלאָפּירן פון דעם עסטאַציאָן ביז אין קאָלאָניע, וואָס מיר האָבן דעם פאַרטאָג דורכ־געמאַכט.

די זון האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן איר ליכטיק פּנים און עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין איר דורכזיכטיקן מאָרגן־נעבל, ברייטע לאַנען, ווייצן, קאָרן, האָבער, נייע גרינע מאַיס, בליענדע שטרעקעם אלפאַלפע, וועלדער, סעדער און גערטנער, אָנגעזעצט מיט פאַרשידענע בלומען.

אַ לייכט פּערפומען ווינטעלע, וואָס האָט זיך אין דער לופט געשפּילט, האָט אונדז צוגעבראַכט טייערע אנגענעמע ריחות, אַז דאָס האַרץ איז מיר פול געוואָרן מיט פרייד און פאַרגעניגן און ס׳האָט מיך אויפגעטראָגן פון דער ערד און גלייך מיט די טויזנטער פייגעלעך, וואָס האָבן זייער

מארגן־ליד דער זון געזונגען, האב איך אנגעהויבן אויסזינגען א פריילעכע אידישע זומער ליד, וואס כ'האב געדענקט פון אידישן פאעט פרוג:

„אויף די גערטנער, אויף די פעלדער,
הער איך זיסע שטימען זינגען —
ווי די פרייע בלויע וועלן
רוישן, גיסן זיך און קלינגען.
אין א פרישן קראנץ פון זאנגען,
פריי פון טרויער און פון קימער,
אויף די טאלן, אויף די פעלדער
שוועבט דער שיינער, ליבער זומער".

— הערסט, — זאג איך מיין חבר, — א שאד צו פארלירן איין מי־נוט פון אזא גאלדענע צייט. קום! לאמיר אנזאטלען די פערד און ארייג־פארן אין קאלאניע. שוין 10 יאר, אז איך האב די קאלאניע נישט געזען. איך וויל זען די קאלאניסטן, די קאלאניסטקעס, די יונגע נאטור־מיידלעך, וואס קומען ארויס בארוועס מיט די געזונטע רויטע אפגעברענטע בעקע־לעך, מיט די דיקע ווייסע ארעס, מעלקן די קי. איך וויל שוין זיין ביי דיר אין טשאקרע, אויסרייסן א פריש רויט חודש־רעטעכל, א גרין ציבולקעלע, אויסמישן מיט א שאל אמתע סמעטענע.

— וואס שמייכלסטו אזוי בעני? וואס איך זאג „אמתע"? — גע־ווים קומט דאס אויס ביי דיר א געלעכטער „געזונטע מיידלעך, רויטע רעטעכלעך און אמתע סמעטענע"!

— דו זאלסט וויסן די שטאט, דו זאלסט זי קאנען! אלעם — זאג איך דיר — איז דארטן נישט נארמאל.

א שווערער זיפץ, וואס האט זיך ארויסגעריסן פון מיין חברס ברוסט האט מיר איבערגעשלאגן די רייד. איך קוק זיך צו, צו מיין בענין, ער קלעמט מיט די ציין און דרייט געשווינט, נערוועז די רעוועגקע אין האנט, אזוי ווי ידי געוואוינהייט פון דעם היזיקן, ווען ס'איז אים נישט צום הארצן.

— וואס איז דיר מיין פריינד. וואס איז מיט דיר געווארן? פארטאג

ביים עסטאַציאָן ביזטו געווען אַזוי פריילעך געשטימט און איצט, אז מיר האָבן נאָר באַטרעטן דעם אידישן באָדן, ביזטו אזוי טרויעריק געוואָרן?

ער האָט גאָר זיינע לענגלעכע מאנדל־אויגן אויפגעהויבן צו מיר און האָט זיך גוטמוטיק צעלאַכט. אן אָפגענאַרטע וועלט — זאָגט ער — איינער לעבט אין צווייטנס פאַרגעניגן. נעם דעם „סיינא" און זאָטל אָן, „טארדי־זשא" קום אַהער — זאָגט ער צו זיין פערד — לאָמיר פאָרן! שפּעטער, שפּעטער וועסטו אַלץ וויסן.

— 2 —

א שמאָלע סטעזשקע צווישן צוויי לאָנגע ווייצן האָבן מיר דורכגע־שפּרייזט. בעני איז געריטן פאָראויס אויף דעם טארדיזשא און מיין סיינא איז נאָכגעגאַנגען ווי אַ קו אַ קאַלב, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אויף דעם ברייטן וועג פון דער טייל קאָלאָניע, וואָס די קאָלאָניסטן רופן דאָס „אינדזל".

דאָס איז אַן ערך פון צוויי טויזנט העקטאַר לאנד, וואָס זיינען אין די ערשטע יאָרן געווען אַרומגערינגלט מיט אַ ברייטער אָזשערע און דאָס האָט געבילדעט אַ מין באַזונדערע אָפּטיילונג פון 8 קאָלאָניסטן פאַמיליעס.

— דאָ וואוינט דאָך דוד שאַפּיראָ — זאָג איך, — בעני, פאָר צו צום שטוב, איך וויל זען דעם אַלטן, תמיד יונגן שאפּיראָ! איז ער נאָך אַלץ אזוי פריילעך? זינגט ער נאָך אַלץ זיין „ישמחו במלכותך"?

בעני האָט מיר נאָך אַלץ נישט געענטפערט. ער האָט נאָר אַ שטאַר־קן צי געטאָן דעם טארדיזשא ביים צוים, אַז ער האָט זיך אַזש אויף די הינטערשטע פיס אויפגעשטעלט.

— וואָס, שוין נישטאָ?

— נאָך ערגער!

— וואָס הייסט, ערגער?

— אין שטאָט אריין!

— ווער? דער אַלטער שאַפּיראָ האָט פאַרביטן די קאָלאָניע און איז ארויס אין שטאָט?

— נישט ער אַליין — דער אַלטער חיים זיין שכן אויך.

— ווער, דער אַלטיטשקער ליכטמאַן? וואָס איך הער! וואָס טוען אַזעלכע דאָרפס אידן אין שטאָט? און ווער וואוינט אין די הייזער, וואָס זיי האָבן אויפגעבויט? ווער פאַרנעמט די פעלדער זייערע? און וואו וואוי־נען זייערע קינדער?

— נישט זיי זיינען די ערשטע, נישט די לעצטע. וועסט שפּעטער אַלעס וויסן, הערן, וויסן און שטוינען.

מיין בעני האָט אַ קער געטאָן רעכטס דעם טאַרדיזשאַ און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן אין אַ גרינעם באוואקסענעם טאָל.

— זעסטו — זאָגט ער — דאָ פלעג זיין די אָזשערע, אָדער „סאַכאַ־לין” ווי די קאָלאָניסטן רופן דאָס; מיר פלעגן דאָ אַהער גיין שיסן ווילדע גענדז. היינט איז דאָס אַ שיינע לאָנקע, נישטאָ קיין טשערעד, נישטאָ קיין וואַסער; וויפל מי, שוויס, ס'האָט געקאָסט די פּיאָנערן אויסצוקאָר־טשעווען די קאָרטשעס, באַלעבן די וויסטע, און אָט ענדע וואו זיינען זיי? און וואָס איז דער גאַנצער פּלאַן פון קאָלאָניזאַציע? ווען די תאווה צו וואוינען אין שטאָט איז איינגעזאַפּט אין דעם אידישן בלוט און מאַרך. איך זע דעם גאַנצן פּלאַן פון דער קאָלאָניזאַציע — שוואַרץ, שוואַרץ!

ער האָט נערוועאיש מיט דעם שפּאַר פון פוס אַ דריק געטאָן דעם פערד אַזוי, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו טאַנצן און שפּרינגען.

— בעני, דו ביזט נאָך אַלץ דער פאַרברענטער אידעאַליסט — דו ביזט צופיל פאַנאַטיקער אין דער אידייע. מיר רייסט אויך דאָס האַרץ אויף די, וואָס פאַרלאָזן די קאָלאָניע, אָבער, דאָ מוז דאָך זיין עפּעס וויכ־טיקע סודות, ווייל פון גוטס אַנטלויפט מען דאָך נישט.

אַ קליין פאַריתומט שטיבעלע האָט זיך מיר אין אויג געוואָרפן, ווען מיר זיינען פון דער לאָנקע אויף דעם בערגל אַרויף.

— „מיר זיינען אויף דער הייזער־גרופּע 66” — זאָגט מיין בעני.

איך האָב דערהערט 66, איז מיר עפּעס פרייליכער אויפן האַרצן גע־וואָרן. שטיי! — זאָג איך — בעני! — זאָלן מיר צום שטוב פון קאָ־לאָניסט ב' ראַבינאָוויטש צופאָרן, איך וויל אים זען. איך געדענק אים, אַן אמתער אידעאַליסטישער קאָלאָניסט און דערצו נאָך אַ איד אַ בן תורה.

מיין בעני האָט איינגעהאַלטן דעם פערד, אונטערגעשפּאַרט מיטן שטילכן פון רעוועגקא די באָרד, און לאַנגזאַם איבערגעזאָגט נאָכקרימענ־דיק מיינע רייד „אמתער אידעאַליסטישער קאָלאָניסט!" און וואו איז ער, וואו איז זיין אידעאַל? זע, אָט דאָס קליינע חורבה'לע, אָט דאָס ראַנטשעלע, אָט דאָס איז זיין פּיראַמידע, וואָס ער, דיין אידעאַליסט האָט נאָך זיך געלאָזן, ס'זאָל עדות זאָגן, אַז דאָ האָט געוואוינט א איד א בן תורה, א בן פון קרעמער, סוחרים און מוכרים. צוואַנציק יאָר געווען א קאָלאָניסט און צום סוף אַוועקגעוואָרפן און געוואָרן צוריק א שטאָט מענטש.

— וואָס ראַבינאָוויטש אַ שטאָט מענטש?

— בעני, דו לאַכסט פון מיר, וואָס טוט אזא איד אין שטאָט?

— וואָס ער טוט? וואָס טוט אַ בן תורה? ער לערנט. נאָר אַזוי ווי לערנען איז דאָ נישט אין דער מאָדע, דאַוונט ער... ער דאַוונט, און האָט יאָרצייט...

— נו און פּרנסה? — מיט בלויזע יאָרצייטן קען מען דאָך נישט לעבן?

— פּרנסה? די טשאקרע ווערט פאַראַרבעט, איז דאָ אביסל געלט, און אַ איד אַ בן תורה איז ער, ווייסט ער אַ דין:

— על כרחך אתה חי...

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַזאַ קאַלטער איראָ־ניע, אַז ס'איז מיר אַזש קאַלט געוואָרן אין יעדן אבר.

— איך צווייפל אין דעם, בעני — מעגלעך אַז די פאַנטאַזיע פון קאָלאָניזאַציע האָט דיך געבראַכט אַביסל צו ווייט... גענוג — איך וויל דאָס נישט הערן!

איך האָב זיך צוגעבויגן צום סיינא און האָב אַ דראָבנע גאַלאָפּ גע־מאַכט פאַראויס.

— 3 —

איך האָב געדענקט פון אַמאָל, אַז פון גרופּע נומער 66 ביז 67 דאַרף מען דורכפאָרן אַ זומפּיקע שטרעקע, קליינע ווייסע בערגלעך זאַמד, עטלעכע שטייענדיקע טייכלעך באוואקסן מיט קאמיש און נאָכדעם אַרי־

בערפאָרן א קליינע טיפּע פאנטאנא קומט מען, צו די פּופּצן ראנטשאָס. 15 בויער־הייזלעך, בלוילעך־ווייס אָפּגעקאַלכט, אונטערגעפּירט די ווענט א מעטער פון דער ערד, מיט רויטע און שווארצע פּאַסן און אין די הייזלעך וואוינען 15 אידישע קאָלאָניסטן, פּלייסיקע ארבעטער. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב די אַלע זאַכן, וואָס איך האָב פון צוריק מיט 10 יאָר געדענקט, גאָרנישט געטראָפן. נאָך א פינף מינוט גאַלאָפּירן צווישן צוויי אַלאמבראדאס האָב איך מיך געזען אַרומגערינגלט מיט גערטנער, קליינע וועלדלעך, צוויי ווינט־מילן פוןביידע זייטן וועגן וואָס האָבן זיך געשווינד געדרייט און אָנגעפילט גרויסע צינק רעזערוון מיט וואסער. גע־זונטע, פעטע, יונגע אָקסן האָבן זיך געפּאַשעט און אויפגעהויבן די קעפּ, מיך אָנגעקוקט.

— וואו איז פארשוואונדן די באכא? דאָס ווייסע זאמד, די אָזשערעס. די פאנטאנעס?

איך האָב אָפּגעהאַלטן דעם סיינא, ביז מיין חבר איז אונטערגעקומען.

— בעני, — זאָג איך — דער טארדיזשא קען נישט נאָכהאַלטן דעם סיינא, האַ? דו ביזט טאַקע אַלץ נישט קיין גרויסער למדן אין גאַלאָפּירן? אפּנים איך בין נאָך איצט אויך נאָך 10 יאָר שטאָטישער, א פלינקערער רייטער פון דיר?

— האַ! — זאָגט בעני לוסטיק — אז דו ביזט א למדן אין הלכות פערד ווייס איך פון לאנג, נאָר ווייסטו למדן איינער, וואו דו ביזט? דער־קענסטו דעם וועג, וואָס ביזטו אַוועק פאַראויס?

איך האָב זיך פארשעמט — „דיסקולפּא אמיגאָ — איך האָב מיך, גלויב איך פארלוירן.

— אויב דו בעטסט איבער — איז גוט, דו האָסט דיך נישט פאַר־לוירן, הער זיך איין: ווי אזוי זאָל נישט פלאצן די גאַל? הויב אויף דיינע אויגן און זע! אויף דעם פלאַץ פון דער אַלטער סינאַדע מיט די רויטע קאָרטשעס, מיט די זומפּן, לאגונאַס, פאַנטאַנעס — געדענקסטו זיי? האָבן די אידישע אַגריקולטור הענט, א בליענדע שיינע לאַנדשאַפט געשאַפן, די לאַגאַרטעס (א מין יבשה קראָקאָדיל) די אבראַכעס מיט די רויטע קאַראַ־ניעס האָבן די ארבעטס־הענט פארניכטעט און אויף זייער פלאַץ א שיינעם

גן עדן געשאַפן. אַזוי, אַז דו ביזט שטיין געבליבן, דו דערקענסט דאָס אָרט נישט. אָבער וואו זיינען די הענט, וואָס האָבן דאָס אַלץ געשאַפן? וואו זיינען די ערשטע פּיאָנערן, וואָס האָבן אזא אייזערנע ענערגיע באַוויזן, צו פאַרוואַנדלען די ווילדע מדבריות אין אַ גן עדן? וואו זיינען זיי, וואו? וואָס קוקסטו מיך אָן? וואָס ביזטו אַזוי בלאַס געוואָרן? מיינסט זיי זיינען אַלע אויסגעשטאָרבן? געשטאָרבן איז נאַטירלעך. אַ קאָלאָניסט שטאַרבט — לאָזט ער איבער קינדער קאָלאָניסטן, וואָס בלייבן אויף דעם באָדן און זעצן פאָר די נאָבעלע אידייע פון די עלטערן. דאָ, מיט זיי, איז איז פיל ערגערס געשען — זיי זיינען לעבעדיק אָפּגעשטאָרבן, זיי זיינען אַלע צוריק אין שטאָט אריין, כאַפּן זיך עסן דעם מאכל, וואָס זיי האָבן צוריק מיט 20 יאָר אויסגעבראָכן...

— וואָס דרייסטו אויס דעם סיינא? וואָס קערסטו זיך אוועק פון מיר? שעמסט זיך, האַ? באַטראַכט נאָר די 15 ראַנטשאָס! געדענקסט ווי פול לעבן ס'האָט געהערשט, דו געדענקסט?

די הילכעדיקע פריילעכע געזאַנגען, וואָס פלעגן פאַרטויבן די לופט אַלע נאַכט נאָך דער אַרבעט. ווען מיר זיינען ביידע פּעאָנען געווען, טאָג־אַרבעטער ביי גאַרפינען און פינסקען געווען? געדענקסטו די „סאָבע", וואָס די מיידלעך פלעגן מיטזינגען אין כאָר מיט אונדז? געדענקסט דאָס פריילעכע באַנייען פון דער שול, וואָס די 15 קאָלאָניסטן האָבן אין דער גרופּע געשאַפן? געדענקסט דאָס לעבן און שאַפן, דאָס רודערן, וואָס פלעג זיך אָנהויבן פון פינסטער ביז פינסטער? ס'איז נאָר געקומען דער מאָרגן; עלטערע זיינען געגאַנגען אין שול דאַוונען, די יונגע האָבן געשפּאַנט די אָקסן אין פלוג, קינדער מיט די ביכלעך אין שולע אריין, מיידלעך, ווייבלעך ביים מעלקן די קי, מיטעלע פרויען האָבן מיט פריילעכע שטימען צוזאַמענגערופן די עופות; דאָס לעבן האָט געראַשט, געהודעט. נישט אומזיסט האָבן די קאָלאָניסטן — „מאָסקוואַ" — די גרופּע גערופן; אָבער היינט? קוק דיך אַרום, זע נאָר דאָרטן מיט אַ צוויי הונדערט מעטער ווייטער. אַ פּאָר איינגעפאַלענע ראַנטשעלעך, עטלעכע בערגלעך מיסט, וואָס ווייזן דאָס פּלאַץ פון אַמאָליקע הייזער. איניקע צעוואָרפענע בוימער, כּרה שהורהדיקע ערבות, וואָס טרויערן נאָך דעם לעבן און גלאַנץ, וואָס

איז דאָ געווען. אָן אומעט, אַ פּוסטקייט איז אויסגעגאָסן אויף דער גאַנ־צער שיינער, ברייטער גאַס, וואָס האָט דורכגעשפּרייזט די אַלע גערטנער, בלומען פון אַמאָל.

— 4 —

בעני האָט אָנגענומען דעם סיינא ביים צוים און האָט מיך צו איין חורבה צוגעפירט. אונטער אַן אויסגעבויגענער ווערבע, וואָס האַלט דעם קאָפּ צו דער ערד געבויגן, מעגלעך אויס שאַנדע, אָדער זי וויל איר טרויער דערציילן, וואָס די באַלעבאַטים האָבן זי איינע אַליין אין פעלד געלאָזט.

מיר זיינען אראָפּ פון די פערד.

— איצט זיינען מיר געקומען אין הויז פון ה׳ רויזענוואַסער — זאָגט מיר בעני איראָניש — קענסט דיר הייסן געבן אַ פרישע גלאָז מילך. וואָס קוקסטו מיך אָן? האָסט פּיליכט פאַרגעסן, וואָס ס׳האָט דאָ מיט 17 יאָר צוריק פּאַסירט?

אָט דאָ אונטערן בוים האָבן מיר אים דערזען. צוויי מאָל האָסטו פון דיין „שמידט לעכיטימאָ" געשאָסן, איך געדענק עס נאָך ווי היינט. אין מאָנאַט פעברעראַ אין אַ ליכטיקער נאַכט, ווען מיר זיינען אין דרויסן גע־שלאָפן, האָבן מיר אַ הילף־געשריי דערהערט, איך האָב אָן אָרקיזשאַ גע־כאַפּט און דו דיין רעוואָלווער. דאָס קול האָט אונדז דאָ צו דעם אָרט גע־בראַכט. אַ שוואַרצער, אַ הויכער מיט אַ בלאַנקן לאַנגן מעסער איז אונדז אנטקעגנגעלאָפן, דו האָסט צוויי מאָל אָפּגעפייערט און ער איז פאַרשוואונ־דן. דעם קאָלאָניסט רויזענוואַסער האָבן מיר אָנגעשפּאַרט ביי דעם בוים מיט אַ שניט אין קאָפּ געטראָפן, דאָס בלוט האָט פון אים געפלאָסן שטראָ־מענווייז איבערן פּנים און די שוואַרצע באָרד, איז רויט געוואָרן און ער האָט זיך נישט פאַרלוירן, דער גיבור.

— זעט איר קינדער — האָט ער אונדז געזאָגט — אָט מיט דעם שטיקל שטעקן, האָב איך מיט דעם גאַוטשאָ מיטן לאַנגן מעסער זיך גע־ווערט. ער, דער שוואַרצער, האָט נאָר געוואָלט אריינלאָזן דעם מעסער אין מיין ברוסט. געלט — האָט ער הייזעריק - שטיל געמורמלט. איך האָב אים צעקאראַוואַשעט דאָס גאַנצע לייב און האָב אַטאַקירט, אָפּגעקלאַפּט דאָס

מעסער, נאָר די פּיקאַנע איז מיר פון האַנט אַרויס און אָנבויגנדיק זיך נאָך דער פּיקאַנע, האָט ער מיר אוספּייעט אַ שניט צו געבן אָט־אָ־דאָ. הערנדיק אייער שיסן איז ער אַוועק. זוכט אים קינדער, ער איז צו פוס, ווייל צו זיין פערד האָב איך אים נישט צוגעלאָזט.

— יאָ, איך האָב זיך דערמאָנט בעני, מיר האָבן זיך ביידע אויף דעם מערדערס פערד געזעצט און צוזאַמען מיט די דערוואַכנדיקע יונגע קאָלאָניסטן פון דער גרופּע, האָבן מיר זיך געלאָזט זוכן דעם שוואַרצן, נאָר אומזיסט, ער איז אין וואַסער אריין.

שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט, איז ווידער אַ גאוטשאָ אָנגעפאַלן אין מיטן העלן טאָג, אויף ב. גאָרפינקלס הויז, ווען די גאַנצע גרופּע איז אין פעלד געווען. אין דעם טלית וואָס ער האָט אין קאַמאָד געפונען, האָט ער אַלע חפצים געזאַמלט. די פרוי גאָרפינקל האָבן מיר אַ געחלשטע אין אַ קאַלוזשע בלוט, מיט שניטן אויף פיל ערטער פון מעסער אין די גראָזן געפונען. דער מערדער האָט נישט אוספּייעט אַלץ אַוועקצונעמען, ווייל מיר זיינען אין מיטן אָנגעקומען, ער איז אַרויף אויף דעם פערד און אין די ווילדע סטעפּעס פאַרשוואונדן.

עס קלינגט מיר נאָך די ווערטער, וואָס כ׳האָב פון רויזענוואַסער און גאָרפינקלען נאָך דער קאַטאַסטראָפע געהערט: — „דער קאַמף איז שוין אונדזערער, מיר האָבן אים מיט אונדזער בלוט באַנעצט. ס׳איז אונדזער באָדן, אונדזער היים אויף תמיד, דאָ ווען מיר לעבן: „ואומר לך בדמיך חיי״!

מיר, פּיאָנערן, די דאַמאָלסדיקע ערשטע אַרבעטער האָבן זיי באַוואונדערט און מקנא געווען פאַר דעם מוט און ענערגיע און זיך געוואונטשן, אויך צו ציילן זיך צווישן די קאָלאָניסטן, וואָס גרינדן אַ היים אַ נייע מיט אַן אָרנטלעכע פּרנסה, עבודת אדמה.

— נו, וואו זיינען זיי איצט בעני? איז עס טאַקע ריכטיק? דאָ אָט אָ די חורבה, איז דאָס פּלאַץ פון דעם העלדישן רויזנוואַסער? וואו איז ער אַליין? וואו זיינע קינדער? וואו איז גאָרפינקל? און וואו זיינען די 15 ראַנטשאָס — זאָג בעני? דו נאַרסט מיך אָפּ, מיר זיינען נישט אין דעם ריכטיקן פּלאַץ.

איך בין אוועק פאַראויס מיטן סיינא, און האָב זיך אָפּגעשטעלט צווישן די קריסטלעכע וואונדער טשאקרעראס, וואָס אַרבעטן אָפּ אַ פּאָר יאָר, זויגן אויס דאָס ערשטע פעטס פון דער ערד און לאָזן איבער איינגפעאַלע־נע חורבות און וואנדערן ווייטער.

— איאַ, בעני, דאָס איז עס! וואָס דען, דאָ זיינען די 15 ראנטשאָס? — ס׳קאָן נישט זיין, דו שפּאַטסט בעני!

א הילכעדיקער פייף האָט אין דער לופט אָפּגעקלונגען, אז א צענדליק האראקאס (ארגענטינער פויגל), וואָס האָבן זיך אויף דער געבויגענער וואַ־בע געפונען, האָבן זיך מיט זייער ווילדן געשריי צעלאָזט און אוועקגעפלוי־גן. מיין בעני האָט זיך די הענט אין גארטל געשטעקט און אויף מיר א קוק געטאָן.

— דו ביזט ברודער 10 יאָר אין דעם גרויסן ראָזאַריאָ געווען — די שטאָט האָט אויף דיר געווירקט, אז זאָלסט נישט גלויבן דיינע אייגענע אויגן.

פון די אַלע 15 פאַמיליעס איז נאָר איינע, די פאַמיליע גירסטיל געבליבן וואוינען אויף דעם לאנד. אַלע 14 זיינען אוועק, זיך צעגאנגען, צעשאָטן אויף שטויב. די גרעסטע אידעאַליסטישע פאַמיליעס, די בעסטע אַרבעטער וואו זיינען זיי?

אין בוענאָס איירעס, הינטער א דאַך־שטיבל וועסטו דעם העלדישן רויזענוואַסער טרעפן און ער זעטיקט זיך מיט דעם נחת פון זיינע קינדער, וואָס ברענגען אים יעדן טאָג די בעסטע נאָטעס פון דער שול.

די קאמפּן צו די גוים פאַרדונגען, אויף די פעלדער פיטערן זיך פרעמ־דע בהמות, די הייזער צעשטערט, און אין די חורבות וואוינען אַ פּאָר פאַסטוכער, וואָס גיבן אַכטונג אויף די בהמות און גנבנען די עופות ביי די קאָלאָניסטן, וואָס זיינען נאָך נישט אוועק אין שטאָט.

— אָבער אומגאָטס ווילן — פאַרוואָס און פאַרוועגן — ווער האָט זיי פאַרטריבן, ווער האָט די שולד?

שפּעטער, שפּעטער, וועלן מיר דיסקוטירן, שטאָט־מאַן מיינער. קום לאָמיר פאָרן אהיים, מיין מרים קוקט שוין אומגעדולדיק ארויס אויף אונדז.

שטיל האָבן מיר אויף די פערד אויפגעשטיגן און מיט פאַרביסענע ליפּן האָבן מיר די גרופּע פאַרלאָזט.

— 5 —

פאַרטראַכט, מיד, אַנגעשטרענגט בין איך מיר אויף דעם סיינא געזעסן. איך האָב זיך נישט אומגעקוקט, צו מיין חבר פאָרט נאָך, צו ניין. די אַלע ידיעות וועגן דעם דורכפאַל פון די 15 ראַנטשאָס האָבן זיך מיר אין מח געפּלאָנטערט, איין געדאַנק האָט געיאָגט דעם צווייטן. ס'האָט מיר א בליץ געטאָן א געדאַנק: מעגלעך, אַז די שונאים זיינען גערעכט, אַז מיר אידן האָבן מיט דער אַגריקולטור גאָר אַ קליינעם שייכות. דער געדאַנק האָט מיר וויי געטאָן, געפּרעסט מיין האַרץ.

דאָס פערד וואָס פילט שטענדיק ווער זיין רייטער איז, האָט אפּנים מיין פאַרקלערטקייט דערשפּירט און האָט זיך אַראָפּגענומען עטוואָס לינקס, וואו ס'קומען זיך צוזאַמען אַלע דריי וועגן פון מאַוריצער הויפּט גרופּעס: דאָס 15־טל, 13־טל און 8־טל.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט, מיין בעני איז פון מיר א 500 מעטער ווייט און ער זאָטלט איבער דעם טאַרדיזשאַ. איך האָב אָפּגעהאַלטן דעם פערד, ווייל כ'האָב נישט געדענקט אויף וואָס פאַר אַ וועג זיך צו נעמען און וואַרטן אויף מיין חבר. האָט מיך דער קאָמפּאַדרע־שטאָלץ נישט געלאָזט. דערצו האָט זיך די זון וואָס אַמאָל העכער גערוקט. דער סיינא האָט אויך ווייזט אויס פּראָטעסטירט, ווייל ער האָט שטאַרק געגראָבן מיט די פאָדערשטע פיס און מיר געוואָרפן דעם ברענענדיקן זאַמד אין פּנים. איך האָב אים נאָכגעלאָזן דעם צוים, און זיך פאַרלאָזט אויף יושר, אַז ער וועט מיך נישט פאַרפירן. ער האָט זיך גענומען מיט דעם אַלכסון־וועג און האָט פריילעך אויסגעהירזשעט.

דאָס גאַלאָפּירן פון דעם פערד, האָט מיין טרויעריקן געדאַנק אביסל פאַרטריבן. מילא, האָבן א פּאָר גרופּעס פאַרלאָזט און אייניקע קאָלאָניסטן האָבן זיך צוריק צום האַנדל גענומען, איז וואָס? די אידייע פון דער קאָלאָניזאַציע איז נישט פאַר איין דור, און שרעקט זיך נישט אָפּ פאַר אייניקע גרים, וואָס נעמען זיך צוריק צום אַלטן גלויבן... איך האָב

זיך אויסגעגלייכט אין זאטל, פעסטער צוגעדריקט די סטרעמענעס און געריטן ווייטער.

— 6 —

איך האב מיך ביי א קליין בערגעלע אראפגעלאזט, וואו הינטן האט א שיטערער קאמיש געוואקסן. פלוצים, און דער סיינא איז אומרואיק געווארן. ער האט אנגעהויבן פארסקען מיטן נאז, אויסגעשטארצט די אויערן און זיך געווארפן ווי בלעמס אייזל אין דער זייט וועג און איידער איך האב אוספייעט זיך ארומצוקוקן, בין איך שוין אים אויף דעם האלדז געלעגן און איין פוס צו דער אלאמברע צוגעדריקט. איך האב זיך נישט פארלוירן, איך האב א שטארקן צי געטאן די לייצעס. דער ארעמער סיינא האט זיך אויף די הינטערשטע פיס געשטעלט, דערמיט האב איך דאס גלייכגעוויכט געכאפט, און האב דאס צעשראקענע פערד באהערשט. ביי דער קליינער לאגונא, וואס קעגן דער אלאמברע, איז א גרויסער פארבלאטיקטער חזיר מיט חזירימלעך ארומגעקראכן.

צוועלף שטיק זיינען זיי געווען, דער סיינא ווייזט אויס איז נישט געוואוינט מיט דער חיה האט ער זיך דערשראקן. א גליק וואס מיין חבר איז ביי דער סצענע נישט געווען, ער וואלט שוין געווען געהאט פון מיר צו לאכן.איך האב גענומען באטראכטן דעם דבר־אחר... א רויטער מיט א ווייסן פאס רונד־ארום דעם בויך, און ארויפגעקאטשעטע מארדע מיט גאר קליינע פיס, אזעלכע האב איך אין האלאנד געזען.

וואו קומט די חיה אין דער אידישער קאלאניע? זאל שוין האבן פיילייכט משיח געקומען ביי די קאלאניסטן און זיי אנגעוויזן אויף דער כשרער זייט?... איך האב נאך דעם געדאנק פעסט נישט באטאנט, ווען א געדיכטע בארד, מיט א באריל־בויך ווייזט זיך מיר ארויס פון דער לאגונא. א רויטלעך פנים מיט כיטרע אויגן טראגט אין די הענט א קליין אויסגענארעט חזירל און רעדט צו דעם, ליובעט דאס דבר־אחרל און זינגט אים צו עפעס א חזניש ניגונדל. איך האב דעם איד גלייך דערקענט, כאטש ער איז עלטער געווארן מיט 10 יאר. ס'האט מיך א ריס געטאן אין הארצן: א איד זאל ניאנטשען שווינען...

איך האָב מיך נישט געלאָזט דערקענען, איך האָב אים בלויז „בוענאָס טארדעס" געזאָגט. האָט ער זיך אנטשולדיקט, וואָס ער איז אויסגעשמירט און ער קאָן מיר די האנט נישט געבן. איך האָב צוגעשמייכלט, בין אראָפּ פון פערד, האָב פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס און אים אויך געגעבן אַ ציגאַר.

אויף מיין פראגע — צו ער איז א פּעאָן, ביי דעם עסטאנסיעראָ פון דעם וועלדל, וואָס איך זע דאָ אנטקעגן אויף דעם בערגל — האָט ער זיך גוטמוטיק צעלאכט. — איך בין דער עסטאנסיעראָ אליין, זאָגט ער, דאָס לאנד איז מיינס, איך האָב אפילו געַנוג ארבעטער אין קאמפּ און אין דער מילך־פאבט, נאָר אויף דעם חיהלע האָב איך ליב אליין אכטונג צו געבן, ווייל ס'גיט — זאָגט ער — זייער אַ שיינעם פּראָפיט.

— מיר שיינט, נאָך דיין שפּראַך נאָך, אַז דו ביזט אַ נאַפּאלער, — האָב איך ביי אים געפרעגט?

— ניין סעניאָר!, — האָט ער מיר געענטפערט, אַ דייטש בין איך.

— אלעמאן ־רוסאָ, אָדער כודיאָ?

— אמת — זאָג איך — דאָ איז אַ קאָלאָניע איזראַעליטא פון באַראָן הירש? מיר דוכט, אז איר אידן עסט גאָרנישט דעם געזונטן פעטן חזיר־פלייש, ס'איז אייך שטרענג פארבאָטן — האָב איך אים געזאָגט.

אָט אזוי ריידנדיק, איז פּלוצים בעני אָנגעלאָפן אויף דעם טארדיזשא, און צו מיר אויסגעשריען:

— נו תכשיט מיינער, האָסט שיעור געקויפט ערד. (אַראָפּגעפאַלן פון פערד) — איך האָב געזען פון וווייטן. ביזט גאָר אַ גוטער רייטער...

אין שנעלסטן גאַלאָפּ זיינען מיר אין 15 מינוט אַרום געווען אין טשאַקרע ביי בענין.

— 7 —

מיט אַ הונדערט מעטער פאַר בענים טשאקרע, איז אַ שיינער געלער הונט אנטקעגנגעקומען, מיט פריילעכע אויגן און חניפהשע לאשטשעס. ער האָט זיך פאַר די פערד געוואָרפן, געשפּרונגען אַלץ קעגן זיי ביים מויל ,ווי צו קושן זיך, געטאַנצט, געשפּילט זיך און געדערט צו זיי און אונדז געהונדערט דעם וועג, ביז בעני האָט געמוזט אויף אים אָנשרייען: אַ היים

גערבעל! (דער נאָמען פון הונט, נאָך דעם ערשטן אדמיניסטראַטאָר, משור־מר גערבעל).

דורך צוויי רייען אקאציע בוימער, וואָס זיינען געוואקסן פון ביידע זייטן גאָרטן און האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן ווי אַן ארקע, זיינען מיר ווי אונטער אַ גרינער אַטלעסענער חופה אריינגעפאָרן אין הויף צו מיין חבר בעני.

אַ שיין בלוי געקאַלכט שטיבעלע, מיט ראָזע קאַנטן ביי די זייטן, באהאלטנדיק זיך צווישן אַ מענגע גרינע בלעטער פון וויינשטאַק, רונד־ארום פאַרשטעלט מיט שיינע הויכע סאָסנעס, געשיצט פון דער זון און געשיצט פון דעם פאַמפּאַ־ווינט, האָט ארויסגעקוקט פון אַ גאָרטן מיט אַלערליי בלומען, וואָס האָבן געשמעקט, גערופטעט מיט אייגענע ריחות, דאָס איז דאָס הייזל פון מיין חבר בעני.

אַ שלאַנקע הויכע ברונעטקע, פעסט געבויט מיט אַ לייכטן שמייכל אויף די ראָזע ליפּן, האָט אונדז אויף דעם טויער דערוואַרטעט.

— מרים! איך האָב זי גלייך דערקענט. די 10 יאָר האָבן זי נישט געעלטערט, נאָר אַביסל דיקער געמאַכט.

מיטן דאָרפישן תמימות, האָט זי מיר די האַנט געדריקט און ווען זי האָט זיך אין מיין פּנים איינגעקוקט און האָט די ראָזירטע וואָנצעס מיינע דערזען, האָט זי מיט אַ נאַאיוון געלעכטער אויסגעשאָסן:

— זע נאָר בעני, וואָס די שטאָט מאַכט! ער האָט זיך די וואָנצן אָפּגעראַזירט, ווי אַ קאַטוילישער גלח! זיי ווילן נאָר אָפּמעקן דעם צייכן פון אַלט און יונג...

ווען אַ שטאָט־מאַדאַם זאָגט דאָס מיר, וואָלט איך דאָס שוין אָנגענומען פאַר אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג, נאָר פון אַ יונגער קאָלאָניסטקעס מויל, וואָס מיינט נישט יענעם צו אַטאַקירן, מוז מען דעם ביטערן פּיל אַראָפּשלינגען.

קיין סך טראַכטן האָט זי מיך אויך נישט געלאָזט. אַלס אַן אַלטע גוטע באַקאַנטע, האָט זי מיך ביים האַנט גענומען. — „קום, לאָמיר גיין עסן" — זאָגט זי.

דער טיש איז געדעקט, אונטער אַ ברייט צווייגנדיקן פּאַראַאיסאַ־

בוים, האָבן מיר זיך צום טיש געזעצט און געגעסן קעז, פוטער, און היימישן געשמאַקן ברויט. איך האָב געשלונגען, נישט געגעסן.

— מרים! — זאָגט בעני — גיב אים נאָר דעם שטאָט־מאַן אביסל סמעטענע!

— נאָך מיט יאַגדעס דערצו! — ענטפערט מרים.

און אין איין סעקונדע, איז שוין געשטאַנען אויף דעם טיש ראָזעווע פרישע יאַגדעס מיט ווייסע פנימלעך, גרויס ווי די אונגאַרישע פלאָמען און א גרויסע טיפע שאָל סמעטענע, כאָטש שנייד זי מיטן מעסער.

— וואָס עסטו נישט? — וויצלט זיך בעני.

— וואָס דען טו איך, איך שלינג?

— ניין איך גלויב, אַז אין שטאָט, דאָרט אין די הויכע מקומות זיינט איר דאָך געוואוינט נאָר אויף בשר — קענט איר אונדזערע מאכלים נישט פאַרנעמען!

— וואָס דען זאָלן מיר עסן דאָרט? קעז מיט ווערים, מאַשינאָווע פוטער, וואָס ווערט געמאַכט פון שקאַפּע־פעטס? א שטיקל פלייש און באַסטאַ!

— נו און פלייש — רופט זיך אָן מרים — עקלט דען נישט דאָס עסן פלייש פון די געהרגעטע ברואים?

— עסט איר קאָלאָניסטן גאָר קיין פלייש נישט?

— די תאוה פון פלייש איז ביי אונדז זייער שוואַך, און אין דער אמתן, נאָך וואָס דאַרפן מיר די פגירה אריינלייגן אין בויך, אַז אַלץ האָבן מיר ב"ה צו זאַט אָן דעם פלייש אויך. זע נאָר דעם גאָרטן מיט אלערליי פרוכטן: פלאָמען, עפּל, באַרן, וויינטרויבן אויך, מילכיקס, כאָטש א בריק צו מאַכן... אָט ווערסטו עסן בייגעלעך געפרעגלט אויף פוטער — אַלעס גיט אונדז דער קאַמפּ. דאָס פעלד, די נאַטור שטויסט צוריק דעם מענטשן צום נאַטירלעכקייט־עסן: געוויקסן, פרוכט.

מיר האָבן געפלוידערט, גערעדט און געגעסן. ווען מיר האָבן אָפּגעגעסן, זאָגט מיר בעני: — גיי דאָרט אונטער דעם בארענבוים, הענגט א האַ־מאַק, לייג דיך אריין און שלאָף זיך דורך, דו ביזט דאָך מיד פון וועג.

— 8 —

אָפּגעגעסן אַ געזונטן זאַטן מיטיק, צווישן אמתע ליבע פריינט, אין אַ ריינער לופטיקער אַטמאָספערע. אין אַ בעט הענגענדיק צווישן הימל און ערד אין אַ גאָרטן וואָס שמעקט אַ מחיה נפשות, ליג איך מיר און טראַכט: מענטשן שטיקן זיך אין די שטעט, דאָ שטייען הונדערטער טויזנטער העקטאַרן לאַנד און פּוסטעוועט, קיין פּוס, קיין מענטשלעכע האַנט האָט זיי נאָך נישט באַריִרט. וואַקסן וועלדער פון ששת ימי בראשית אָן; טייערע האָלצן, טייערע פרוכטן, טייכן פול מיט פיש, לאַנקעס פול מיט פויגל, הינער, גענדז, קאַרפּאַטקעס און וואָס דו ווילסט נאָר אַליין.

ס'האָט מיר אָנגעהויבן שלאָגן איין געדאַנק דעם צווייטן, ביז איך בין אַנדרימלט געוואָרן. און אין חלום האָב איך געזען דעם קאַלענדאַר פון 1923, ד. ה. שפּעטער מיט 10 יאָר, בין איך ווידער געקומען מאָוריציאָ באַזוכן.

מיין חבר בעני איז מיר נישט אַקעגן געקומען רייטנדיק אויף דעם טאַרדיזשאַ, דער קאָנדוקטאָר פון באַן האָט אָנגעזאָגט „עסטאַציאָן מאָוריציאָ"! איך קוק זיך אַרום: שיינע גאַסן דורכוים באַזעצט מיט ביימער, ציען זיך לענג אויס וויפל דאָס אויג קען כאַפּן און פון צווישן די ביימער קוקן אַרויס אויסגעפּוצטע מאָדערנע הייזלעך. אַ 25 מעטער ווייטער איינס פונעם צווייטן, רייכע בלומען, גערטנער, סעדער מיט אַלערליי פרוכטן פאַרשמעקן די לופט. קאָטשן קרייצן די גאַסן און אין די קאָטשן פּאַסאַזשירן, אַלע זיינען פריילעך. אַלע ווילע שטעלט זיך אַ קאָטש, אַן אויטאָמאָביל ביי אַ דאַטשע, ביי אַ גאָרטן, און עס שטייגט אַרויס אַ פאַמיליע, וואָס דאָס גליק שיינט פון זייער געזיכט.

דאָס לעבן גיסט זיך דאָ שטיל, אַזוי זיס, איינגענעם — טראַכט איך מיר — לאָמיר נאָר אויסזוכן מיינעם אַ באַקאַנטן, אַ קאָלאָניסט, איינעם פון די גליקלעכע, וואָס צו זיי געהער אָט דער שיינער גן עדן... איך קוק זיך גוט איין אין די אַלע קאָטשן וואָס לויפן דאָ, איך דערקען נישט קיינעם פון זיי. אַלע פרעמדע פנימער, פרעמדע געשטאַלטן.

דער כעפע פון עסטאַציאָן — אַ קאַלטער ענגלענדער האָט מיך אַ פּאָר מאָל אָנגעקוקט ווי איינער וויל זאָגן — וואָס זוכט דאָ דער פאַרשוין?

איך האָב דאָס באַמערקט און בין צו אים צוגעגאַנגען — „מיסטער" זאָג איך אים — וועט איר מיר דערלויבן עפּעס צו פרעגן ביי אייך?

— פרעגט, סעניאָר.

— זיינט איר שוין לאַנג אויף דעם עסטאַציאָן?

דער יונגער כעפע האָט אַ שמייכל געטאָן:

— איך בין ערשט אַ פּאָר יאָר דאָ, נאָר די טייל קאָלאָניע, וואָס מיין עסטאַציאָן פאַרנעמט קען איך, דאַכט זיך גוט.

— וואָס הייסט דעם טייל? — האָב איך ביי אים געפרעגט — איז דען די קאָלאָניע מאַוריציאָ צעטיילט אויף טיילן?

האָט ער מיך ווידער אָנגעקוקט.

איר זיינט אַ פרעמדער דאָ? — האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן.

— פרעמד? — זאָג איך — ניין! איך בין בלויז 10 יאָר פון דאַנען.

— עסטאַציאָנען איז אין מאַוריציאָ דאָ פיר און זיי געהערן צו פיר פאַרשידענע קאָמפּאַניעס — האָט מיר דער כעפע געזאָגט.

— אַזוי גרויס האָט פראָגרעסירט מאַוריציאָ — האָב איך ביים כע־פע געפרעגט? — אויב אַזוי דאַרף שוין דאָ די ערד שטאַרק טייער זיין,— וויפל צאָלט מען דאָ אַן העקטאַר לאַנד?

ער האָט ווידער אַ לייכטן שמייכל געטאָן.

— א העקטאַר? — אייך ווייזט זיך אויס, אז ס'איז דאָ די ווילדע פּאַמפּאַ? דאָ רעדט זיך נישט אויף דעם העקטאַר, נאָר אויף דער וואַרע.

— אַזוי?

— וויפל זשע צאָלט זיך אַ וואַרע ערד?

— פון 10, 15 ביז 20 — 25 פּעסאָס, סעגון דער קוואַליטעט פון דער ערד.

אַ שטיק חיות איז מיר צוגעקומען. אָט ווי די אידישע קאָלאָניע האָט זיך אַרויפגעאַרבעט און וואָס די קאָלאָניסטן האָבן דערלעבט.

— זיינען די אידן דאָ שטאַרק רייך? — האָב איך ביי אים געפרעגט.

ער האָט מיך ווידער קאַלט אָנגעקוקט.

— רייכע אידן איז נישטאָ אין מאַוריציאָ. עס איז דאַכט זיך פון דעם

פאָלק נישטאָ מער, ווי דריי פיר טשאַנגאַדאָרעס, דו קענסט זיי באַלד זען ביי די גאַלפּאָנעס אַרבעטן.

— „יעס“ — האָט ער ווייטער געזאָגט — פאַראַן אַ דריי גאָר רייכע, וואָס מען מורמלט, אַז זיי זיינען כּודיאָס, אָבער ווער קען דאָס וויסן!

איך בין געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, דאָס בלוט איז אין מיר פאַרקילט געוואָרן. איך האָב אים געוואָלט פרעגן און פרעגן, נאָר דאָס טע־לעפאָן גלעקל האָט אים אַוועקגערופן.

דערשטוינט, נידערגעשלאָגן, בין איך פון אים אַוועק זוכן די אידישע טשאַנגאַדאָרעס, געוואָר ווערן וואָס דאָ טוט זיך. דריי פאַרפּוצטע רייכע קוואדרעס בין איך אָפּגעגאַנגען. אַן אַלטיטשקער געבויגענער מאַן מיט אַ שניי־ווייסער באָרד, טראָגנדיק אַ קעסטל ציגאַרן, איז מיר אַנטקעגנגעקו־מען:

— באַראַטאָ, סיגאַריזשאָס! — האָט דער אַלטער געשריען מיט אַ ציטערדיקן קול.

דאָס האַרץ איז מיר אויף אַ סעקונדע שטיין געבליבן. וועמען זעען מיינע אויגן, שמערל?

דער רייכער געזונטער קאָלאָניסט מיט 250 העקטאַר לאַנד, אַ שטוב פון כּל טוב, אַ וואַלד, אַ סאָד, אַ גאָרטן, זאָל ער טראָגן ציגאַרעטן? און וואו איז די טשאַקרע?

וואו זיינען די קינדער? און וואו איז די יק"אַ? שמערל איז דאָך תּמיד איר געטרייער חסיד געווען, וואו איז דער אידעאַל?

ס׳האָט מיך שטאַרק אָנגענומען ביים האַרצן און איך האָב אָנגעהויבן בייסן די פינגער פאַר ווייטיק...

# דאָס שטעטעלע „חרוב"

## (באַקסער)

אין דער זייט פון דער געוועזענער שיינער קאָלאָניע „מ." שטייט זיך דאָס קליינע שטילע מעלאַנכאָליש שטעטעלע מיט איר העברעאישן נאָמען „חרוב" — באַקסער. און עס פאַרדינט זיך כשר דעם נאָמען, וואָס די אַלטע תושבים, די אינדיאַנער, האָבן עס גערופן „אַלגאַראָבאָ" און אונדזערע חלוצים, די אימיגראַנטן־משכילים, האָבן עס איבערזעצט אויף תלמוד־שפּראַך „חרוב".

דאַר און טרוקן, ווי דער באָקסער, ווערט דאָס שטעטעלע פון יאָר צו יאָר איינגעדאַרט, איינגעקוואַרט, פאַרצערט, חרוב ונחרב, אויסגע־ליידיקט פון אַ אידישן פוס.

ווי אַזוי האָבן די ווילדע געוואוסט דעם נאָמען צו געבן?

און צו איז דער נאָמען טאַקע אַ גורם, אַן אורזאַך פאַר דער צוקונפט, פון דאָס וואָס טראָגט דעם נאָמען?

ניי, זיי מוחל, פרעג ביי דעם, וואָס שלינגט איין אַלע פראַגעס און קיין ענטפער איז קיין מאָל נישטאָ...

ווען דאָס שטעטל זאָל קענען רעדן, וואָלט עס אייך פיל שיינע פריי־לעכע און אויך זייער טראַגישע מעשיות דערציילט.

עס וואָלט אייך דערציילט, ווי אויף איר ערד, צווישן אירע הויכע ווילדע בראשיתדיקע גראָזן, האָבן זיך פרעמדע אָנגעקומענע אימיגראַנטן זייער לאַגער אויפגעשלאָגן. פאַרטריבענע, עלנטע, שטומע, האָבן ביי איר אויפן שוים מיט פלאַטערנדיקע הערצער אַ מקום מנוחה געזוכט...

צעשראָקענע, מידע, אַז דער קלענסטער מדבר שאָרך, האָט זייערע הערצער אויפגעציטערט, ווי ס׳ציטערט אויף דער הירש, ווען ער דערהערט די טריט פונעם יעגער אין וואַלד.

ווען ס׳וואָלט רעדן געקאָנט, וואָלט עס אייך דערציילט: ווי ביי איר אין טאָל, נעבן הויכן גרינעם טשערעט, האָבן די ערשטע אידישע קאָלאָניסטן, זייער בעט־צייג גענומען, און טאַקע דאָרט מיט ווייב און קינד, זייער לינת לילה בהרחבה באַקומען, און מיט אירע שלענג, און „לאגארטאָס" אַ חברשאַפט געשלאָסן...

ס׳וואָלט אייך דערציילט, ווי דאָרט נעבן דעם בערגל, וואו די געזאַלצענע וואַסער פון דער „לאגונא" זיינע ברעגעס פרעסט, האָט זיך איינמאָל אין אַ נאַכט דער ווילדער סטיכיע פאַרגלוסט, האָט זי איר גרויסן „אָפּערע־זינגער" דעם „פאַמפּעראָ" פון די אַנדן געבראַכט און דער האָט זיין „אָפּערע־ליד", אויף זיין ווילדער שטורעם שטימע, אַ זינג געטאָן — אַ מין ברוכים הבאים, די עלנטע דערלאַנגט און באַלד זיין האָנאָראַר אויפגעמאָנט... צוויי נשמות: אַ מאַמע מיט אַ יונגער מיידל, האָט ער אויף זיינע מוראַדיקע שטורעם פליגל געכאַפּט און איז זיין וועג אין אַן ערגעץ, פון וואַנען ער איז געקומען אַוועק... ס׳האָט געהייסן אַכסניה־אָפּצאָל, קאָלאָניזאַציע קרבנות. די צוויי עלנטע נשמות, זייערע גופים, האָט דאָס בערגל אויף אייביק אין זיך איינגעשלאָסן, און געמאַכט פּלאַץ, פאַר אַנדערע וואָס וועלן קומען...

ווען דאָס שטעטל זאָל קענען רעדן, וואָלט עס איצט דערציילט, ווי די תושבים אירע, וואָס זייערע עלטערן זיינען אין דעם ווייטן אַמאָל אַהער געקומען, וואָס קיינער ווייסט נישט זייער געבורט, מענטשן מיט שפּיציקע קעפּ, פייערדיקע אויגן, פלאַטשיקע נעז, און שוואַרצע בערד, זיינען אָנגעלאָפן אויף ווילדע פערד מיט בלאַנקע מעסערס אין מויל, און געפאָדערט ביי די עלנטע נאָכצוקומען זייער מדבר געזעץ:

שלי, שלך, און שלך, שלי אין אַלע הינזיכטן... און ווען די מענער פון די פּרוּוען און די טאַטעס פון די טעכטער, האָבן באַין אופן נישט געוואָלט מסכים זיין אויף זייער מדבר געזעץ, זיינען די בלאַנקע מעסערס געפאַרבט געוואָרן רויט...

ליגן זיי די טאַטעס אויף דעם בערגל, וואָס קוקט צו דער פרייער זון און וואַרטן אויפן שופר של משיח.

ווען דאָס שטעטל זאָל קענען רעדן, וואָלט עס אייך דערציילט, פון אַזעלכע גרויל־טאַטן, דערנידעריקונגען, פאַרשקלאַפונג, פון דער צביעות־דיקער פילאַנטראָפּישער פּעטליע, וואָס האָט אַרומגענומען דעם האַלדז דערוואָרגן צו ווערן; הונגער, פּיין און מאָראַלישע נויט, אַז די מענטשלעכע פּען שעמט זיך אַרויפצוברענגען עס אויפן פּאַפּיר.

ווען דאָס שטעטל זאָל קענען רעדן, וואָלט עס אייך אויך פרייליכע עפּיזאָדן און ליכטיקע איבערלעבונגען דערציילט:

ווי נישט געזאַמט זיינען מיטן טשערעט פון איר „לאַגונאַ”, דעכער פון ערדענע שטיבלעך „ראַנטשאָס” אָפּגעדעקט געוואָרן, און אַ היים, אַ וואוינונג, איז מיט מזל פאַר דער וואַנדערער משפּחה אויפגעשטעלט גע־וואָרן. געשיצט פון זון און קעלט, האָבן זיך קינדער־לידער, אידישע ניגו־נים הינטער אירע הימלען געטראָגן, און די פּאַמפּאַ האָט אויפגעלעבט. די זון פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע האָט אויפגעשיינט.

לאַנגע שטרעקעס מיט בליענדע תבואה פעלדער, באַאַרבעט פון אידישע הענט האָבן זיך פאַר איר, אין דרום און אין צפון געצויגן, גערט־נער מיט גרינוואַרג, פּאַשע־פעלדער מיט טויזנטער שטיק פי, האָבן זיך אין מזרח און אין מערב געפּאַשעט. און אין די שטילע זומער פאַרנאַכטן, מיט דער גאָלדענער שקיעה פון דער זון, ווען דאָס מערב ליכט האָט אין זיינע געסלעך מיט פּורפּור געגאָסן, זיינען געזעסן מיידלעך און ווייבלעך אין זייערע ווייסע בלוזעס, אין בלויע פאַרטוכער, זיך צוגעהערט צו די פרייליכע לידער, וואָס די קאָלאָניסטישע פּאַסטוך־אינגלעך האָבן געזונגען און מיט זיי האָט מיטגעזונגען אין כאָר: דאָס גאַנצע שטעטל. אַלץ איז אין פרייליכער האַרמאָניע באַשטראַלט געוואָרן, אַלע הערצער האָבן מיט האָ־פענונג אויף אַ ליכטיקער צוקונפט געקלאַפּט, אַ מין גאולה, אַ דערלייזונג פאַרן אידישן פאָלק.

אַ בשורה איז פון ערגעץ אין קאָלאָניע אַריינגעפלויגן: אַ מיליאָן אידן אויף ערד אַרבעט וויל דער גוטער באַראָן הירש דאָ אין דעם פרייען לאַנד באַזעצן.

וואָס פאַר אַ גליק!

אזא קליין פאָלק ווי מיר, וועלן פאַרמאָגן הינטער זיך אַן ארמיי פון אַ מיליאָן אַקער בויער, וואָס איז דער יסוד, דער באַזיס, דער שטאַרקסטער פעלקערלעבער פונדאַמענט, דער קיום פון יעדער אומה.

די האָפענונג האָט געשיינט צו זיין אמת. פעלדער מיט ברויט, שטי־בער מיט אַלדאָס גוטס, מילך מיט האָניק, שאָף און רינדער, סעדער, וועלד־לעך, גערטנער מיט בלומען, האָבן פון די ליימענע הייזקעס אינעם שטעטל אריין אויפגעשיינט. באַלד האָבן זיך מויערן פון רויטע ציגל מיט צינקענע דעכער, צווישן די ליימענע הייזקעס באַוויזן, ס'האָט געפרייט דאָס הארץ, ס'האָט זיך געשמאָלצן דער געדאַנק אין האָניק א טראַכט צו טאָן: — אָט אַ דאָס איז געוואָרן פון דעם נידערגעשלאָגענעם געזינדל, וואָס האָט אינעם שטאָל צווישן די שלענג און לאַגאַרטעס איינגעקוואַרטירט? אָט די אָרעמע געפלאָגטע, פאַרפאָלגטע פון דער רוסישער טיראַניי, אָט דאָס אימיגראַנטן קניפל, האָט אין זיך פאַרמאָגט אזא קראַפט דעם פינסטערן ווילדן מדבר צו באַהערשן, און פון אים אַרויסצובאַקומען אַזוי פיל ליכט און לעבן, וואָס קען סטייען פאַר טויזנטער משפחות? אָט פון דער ווילדער סטיכיע, פונעם בראשיתדיקן כאָאָס, האָבן זיי אַזויפיל האָניק אַרויסבאַקומען?

דאָס לעבן אויף די פעלדער האָט געכוואַליעט, און אזוי ווי די וועלן אויפן ים, האָבן זיך שטראָמען ליכטיקע האָפענונגען איינס ס'אַנדערע געיאָגט.

וואָס מער די קאָלאָניע האָט זיך צעבליט, האָט זיך אַלץ מער דאָס שטעטל צעוואַקסן. קלייטלעך, קראָמען מיט אגראַר מכשירים; בעלי מלאַ־כות: שוסטערס, סטאָליערס, שערערס און ווען דער טאָג איז געקומען האָט עס אין שטעטעלע „חרוב" ווי אין א בינשטאָק געזשומעט. קאָלאָניסטן, קאָלאָניסטקעס, אינגלעך, מיידלעך, רייטערס אויף פערד, אייזלען, מולעס, וועגענער געשפּאַנט צו אָקסן, אַלע זיינען נאָך שטוב, אָדער פעלד זאַכן נעקומען.

אַ רעש, אַ געפילדער, אַ געלעכטער און אַמאָל אַ קריגעריי. דאָס לעבן האָט געברויזט און געשפּרודלט.

דאָס פייער אין דער גרויסער קוזשניע, מיט די צוויי צעעפנטע טויערן,

ביי פּנחס ברוין, האָט העל געפלאַקערט. דער בראַזג פון די געשאַרפטע לעמעשין, צי די גרויסע און קליינע האַנט פּלוגלעך, האָבן דאָס שטעטל פארקלונגען און פארשריען: קומט און זעט; אַ פאָלק וואָס איז הונדערטער יאָרן אָפּגעריסן, פאַרטריבן פון זיין היים, פון זיין באָדן, פון זיין ערד, וואָס האָט מיט ליבע און טרייהייט שטענדיק געאַרבעט און זיך פון איר דערנערט, ווען מ׳באַקומט נאָר אַ פריי שטיקל ערד הינטער די פיס, וואָס מ׳מאַכט דערפון!

איז געקומען דער חודש סעפּטעמבער, דער אַרגענטינער מאַי, וואָס פאַלט אויס צוזאַמען מיט אונדזערע שיינע האַרציקע ימים־טובים: ראש השנה און יום־כפור. נישט קיין פאַרכטיקע טעג, האָט עס אין שטעטל געהייסן, נאָר ימים־טובים, פייער־טעג, פריילעכע גליקלעכע טעג. קיין איין טרער איז אין דער שול, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן מיט ציגל און וואַפנע אין שטעטל אויפגעשטעלט, — איידער נאָך זיי האָבן פאַר זיך ציגל־הייזער געשאַפן — קיין איין טרער, איז דאָרט נישט פאַרגאָסן געוואָרן.

די ליכטיקע פאַרזייטע פעלדער ברויט, וואָס האָבן פון וויטן גע־כוואַליעט אין גרינקייט, דער ראַזעווער צוויט, פון די „דוראַזנע״־ביימער, פּערישקעס, דער ווייסער עפּל־בלי, די גערטנער, די סעדער, די וועלדלעך, די רויזן־בלומען, וואָס דראַפּען זיך אויף די פּלויטן האָבן אַלע טרערן, אפילו די אַלטע טרערן פון דער אַלטער־היים, אין זיך איינגעזאַפּט, און אין פריי־דנזאַפּט זיי פאַרוואַנדלט. נישט קיין יום הדין האָט דער שופר אין שול אויסגעשאַלט, נאָר אַ יום תרועה פון ששון ושמחה.

ניי יאָר, ניי ברויט, נייע פרוכט, נייע קייזלעך, נייע קעלבלעך, ציגע־לעך. פון גרינע ווערבעס, האָבן די קינדער פייפלעך אויסגעשניצט, פון הערנער זיך שופרות געמאַכט, און מיט זיי פריילעך פאַרהילכט די לופט.

אינעם טאָג פון יום כפור, האָבן זיך מיידלעך, ווייבלעך, אינעם גע־בלומטן פרילינג־פאַרב געקליידעט, און אַזוי ווי אינעם אַמאָליקן אַרץ־ישראל אין אַדמיניסטראַציע־וועלדל זיך פאַרקליבן און פעלד־לידער פון ש. פרוג און א. צונזער געזונגען.

אַ פראַזע פון אַלטע פּאָעטן, אַ וואָרט פונעם פייטן איז מיר אָבער אַריינגעפאַלן און מיר דעם אָטעם פאַרכאַפּט, דאָס אַלעס, דאָס פריילעכ־

קייט, דאָס שיינקייט איז געווען: „בהיות ההיכל על יסודותיו“, דאַן ווען די קאָלאָניע האָט געבליט... אָבער איצט?

וואָס זאָגסטו שטעטל חרוב? שטיי הארץ מיינס, וואָס קלאַפּסטו אזוי שטאַרק?

חרוב, חורבן און שממה — „בלעוני זרים“. יאָ, יאָ, פרעמדע האָבן די פּרוכטבאַרע פעלדער געירשנט.

די הערצער וואָס האָבן הינטער שטרויענע דעכלעך געקלאַפּט, קלאַפּן שוין נישט מער. די גרינדער פון דער שיינער קאָלאָניע, זיינען אַוועק, נישטאָ דער ליכטיקער הימל, שווארץ געוואָרן ווי די ערד.

די בראשיתדיקע „לאגונא“ מיט איר הויכן טשערעט, שטייט נאָך אויף איר פּלאַץ, אָבער הינטער זייער שאָטן אַ נייער דור, אַ פרעמדער, מיט אַ פרעמדער שפּראַך, און פרעמדע זיטן.

איינזאַם ליגט זיך דאָס בערגעלע מיט די קרבנות, וואָס דער אַלטער קצב דער טרייער איד היט זיי ווי זיין לעבן. ליגט און קוקט דער זעלבער אמאָליקער זון אין די אויגן אריין, ווארט אויף חודש אלול, וואָס אין אים, רייסן זיך, אמאָל אָפּ אַ פּאָר געקליידעטע דאַמען און הערן, וואָס קומען פון די שטעט, וואוהין זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן; קומען אויף דעם פּלאַץ, וואו זיי האָבן די וועלט דערזען; און וואו די ביינער פון זייערע ליבע עלטערן רוען... זיי לאָזן אַ פּאָר וואַרעמע טרערן, אויף דער שפּראַך וואָס האָט אַמאָל דאָ אין דעם טאָל אזוי פריילעך געקלונגען.

דער טשערעט פון דער „לאגונא“ דערהערט זייער קול, און ענטפערט מיט אן עכאָ, אַזוי יללהדיק ביטער, אַז ס׳צעברעכט דאָס האַרץ.

אזוי ציט זיך דער חודש אלול, און ווען ס׳קומען די דריי טעג ראש השנה און יום כפור, קלויבן זיך צוזאמען דער שארית הפליטה פון ארום, וואָס דער שיקזאַל האָט פאַרזען צו פאַרניכטן און אויסצוראָמען זיי, און דער אלטער קצב, וואָס די השגחה האָט אים אפּגים, באשטימט אויף לאנגע יאָרן, כדי די גאָלדענע קאָלאָניע־זכרונות צו היטן, עפנט די שול, ווישט אָפּ דעם שפּינוועבס, און אַ הויכער ציטערדיקער איד, דער „קורע־לאפּ“ וואָס דערנערט זיך פון אויפקויפן עופות ביי די איטאַליענער, רוסן, די יורשים פון זיינע פעלדער ,דער איז דער שליח ציבור, דער חזן זייערער.

ווען מען הערט דעם ציטערדיקן אידן אויסקלאָגן דעם „מפּני חטאינו גלינו מארצינו“, מיר זיינען פון אונדזער לאַנד פאַרטריבן, ווען מען זעט אים אויסשטרעקן זיין דארע ציטערדיקע האַנט, אויסשרייען „מפּני־היד“, אַט אָ די געהיימע האַנט, וואָס יאָגט אונדז און טרייבט אונדז פון אומעטום! ווען איר דיכטער, יורשים פון בן גבירול, בן עזרא, ווען אויף די סטרונעס פון אייער גאָלדענער האַרף פאַלט דער קרעכץ, דער צער פון חורבן, פונעם שטעטעלע „חרוב“, שווער איך, אז קיין אויג וואָלט טרוקן נישט געבליבן!

# סוזשאַק

עס איז געווען די לעצטע אשמורה פון דער נאכט. א רויטע טשע־רעבאטע לבנה האָט זיך געהאַלטן אין עק הימל און פאַמעלעך אַריינגע־שטעקט איר פארשפיצטן האָרן אינעם טונקעלען האָריזאָנט. ביסלעכווייז האָט זי איר האַלב קיילעכדיקן בויך אַלץ נידעריקער גערוקט, ביז דער צווייטער הארן איז אויך אַריינגעקראָכן דאָרט אין דער טיף.

די ליכטיקע שטערנדלעך, וואָס האָבן אין די מיליארדן אויפן הויכן בלויען הימל זיך געשפילט, זיינען עפּעס ווי אומרואיק געוואָרן, זיך אפּנים פארבענקט נאָך דער טשערעבאטער מאמע, און איינס נאָך איינס זיך גענומען לעשן. דער גאַנצער הימל איז געבליבן ווי א גלאַט שטיק טונקל בלויע טוך הענגענדיק אין דער לופט, אין א קיל פאַרטאָגיקע פינס־טערניש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

דער מאָרגנשטערן, וואָס פארפעלט קיין מאָל ניט זיין משמר איז אָבער גלייך געקומען און זיך געשטעלט צום דינסט. א פרימאָרגן שמייכל האָט ער אַראָפּגעשיקט צו דער ערד און מיט זיין זילבער גלאַנץ דאָס פאַר־טאָגיקע חשכת געיאָגט, און אָנגעזאָגט די בשורה פונעם ליכטיקן טאָג.

ער האָט זיך אַזוי גאוהדיק געשפּאַצירט דער גרויסער ווייסער בלענ־דנדער מאָרגנשטערן. ביי דער זייט איז אים נאָכגעגאַנגען דאָס קליינע שטערנדל דאָס משרתל זיינס אינעם רויטן גאָלדענעם מונדירל, ביז זיי האָבן ביידע זיך אָפּגעשטעלט אַריינקוקן אין הויף פון א ווייס געקאַלכטע „ראַנטשאָ”. די שטערן האָבן פאַרזילבערט דעם פלומפּ־וואסער, די בוימער, די שטוב, האָט גענומען זילבערן די פעל פונעם אלטן סוזשאַק, וואָס איז

געלעגן אַן איינגעקאָרטשעטער ביי דער טיר פון דער ראַנטשאָ, און גע־צוקט מיט זיין גרויע פעל און פאַטלאַטן קאָפּ. דער כלב — סוזשאַק האָט דאָס ווייסע ליכט אויף זיך דערפילט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אַ בייזן בליק געטאָן אויפן הימל, האָט אַ הינטישן בורטשע געטאָן און זיך צעוויינט אויפן קול.

וואָס האָט ער געוויינט סוזשאַק?

האָט ער געוואוסט, אָדער אינסטינקטיוו געפילט, אַז באַלד ווערט ער פאַריתומט, אַז באַלד וועלן די בעלי־בתים זיינע פאַרלאָזן אויף אייביק, אים, מיט זייער שטוב, זייער פעלד, זייער היים, אַ וואו זיי האָבן זייערע בעסטע לעבנס יאָרן פאַרבראַכט?

צי האָט ער אפשר מיט זיין ליבע און הינטישן חוש, דעם צער, די יסורים פון זיינע בעלי־בתים דערשמעקט?

אָט אָ דעם שרעקלעכן צער, וואָס קומט אָן באַלד מיטן טאָג, ווען די מענטשן וועלן דאָס לעצטע מאָל אַרויסגיין פון זייער ליבער היים, און מער אויף זייער לעבן זיך נישט אומקערן אין איר. אַ שלאָס, אַ ריגל וועט דער באַלעבאָס אויפהענגען אויף דער שטוב און אַזוי וועט זי שוין אייביק שטיין.

און די ווייס געקאַלכטע ווענט פון דער ראַנטשאָ האָבן געשטומט, אַ וואָרט נישט געזאָגט. און אפשר האָבן זיי שטומערהייט אויך געוואוסט זייער גורל וואָס די בעלי־בתים האָבן פאַר זיי באַשטימט? אָט אָ די בעלי־בתים, וואָס האָבן זיי די ווענט פון דער ערד געשאַפן, מיט דעם שוויים פון זייער פנים דאָס ליים געקנאָטן, אַ היים, אַ נעסט פאַר זיך מיט די קינדער געבויט, איצט נאָך דריי צענדליק יאָרן פאַרלאָזן זיי די נעסט, וואָגלען אום אין דער וועלט אַריין, און די שטוב, די ווענט וועלן מיט דער צייט צעפאַלן ווערן און זיך אויסגלייכן צוריק מיט דער ערד. מעגלעך, אַז זיי האָבן עס געוואוסט, ווייל אַן אומעט, אַ טונקעלער טרויער האָט זיך פון די ווענט אין דער פאַרטאָגיקער טונקלקייט געגליטשעט, זיך צוזאַמען געגאָסן מיט דער יללה פונעם הונט.

און דער ליכטיקער מאָרגנשטערן דאָרט אויבן? אים האָט עס גאָר ווינציק געאַרט, ער האָט געשמייכלט מיט זיין זילבער־ליכט, זיך גע־

שפּרייזט אליץ ווייטער אָפּטרעטנדיק דאָס פּלאַץ פאַרן אָנקומענדיקן טאָג.

וואָס איז אַמאָל געווען אין דער שטוב?

האָט זיך אַמאָל אין איר געהערט דאָס פריילעכע קינדער געלעכטער? האָט אַמאָל אַ יונגע מאַמע איר זויגלינג מיט אַ ליד פאַרוויגט? האָט דער פריילעכער שבת, דער לוסטיקער יום־טוב זיין אַכסניה דאָ געמאַכט?

האָט זיך דאָס פריילעכע שניטער־ליד דורכן פעלד דורכגעטראָגן? ווער קאָן דאָס אונדז זאָגן?

דער מאָרגן איז וואָס אַמאָל העלער, ליכטיקער געוואָרן און דאָס בילן פונעם הונט שטאַרקער געוואָרן.

— דו שלאָפסט, אסתר? דו הערסט נישט, שוין אַ שטיק צייט ווי סוזשאַק בילט — אויף וועמען זאָל ער דאָס בילן?

— ער בילט, זאָגסטו? — זאָג בעסער, ער וויינט, — ער וויינט אויף אונדזער פינסטער מזל, וואָס נאָך אַזוי פיל יאָרן מוזן מיר...

אַ כריפּ ווי פון אַ צעבראָכענער פידל האָט איבערגעריסן איר שטים, דער כריפּ האָט זיך צעטראָגן אין חדר, האָט זיך געקייקלט איבער דער לייוונטענער סטעלע, זיך אַראָפּגעגליטשט פון די ווענט, און מיט אַ שטומען צער אַרומגעכאַפּט די צוויי בעטלעך, וואו מאַן און ווייב זיינען אויף זייער אַלטע וואַרעמע געלעגערס געלעגן, דאָס לעצטע מאָל.

ביידע אַלטע זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. ביידע האָבן זיך פעסטער איינגעטוליעט אין דעם ווייכן בעטגעוואַנט, געלעגן מיט אָפענע אויגן, נישט געאיילט אויפשטיין און ביידע מיט דעם איינעם געדאַנק:

נאָך אַביסל אין דער אייגענער היים, אונטער אַן אייגענעם דאַך. ביידע האָבן זייערע בליקן געהאַלטן אויף דער לייוונטענער געפאַרבטער סטעליע, יעדער באַזונדער אויף זיין פּינטל, אַ וואו ער איז געוואוינט צו קוקן יאָרן און יאָרן. אסתר האָט זיך פאַרקוקט אויף דעם געניי פון די זעק, די צוקער־זעק, וואָס פון זיי האָט זי די סטעליע צוריק מיט יאָרן צוזאַמענגענייט. די נאָדל האָט זיך דאַן צעבראָכן, איר צעשטאָכן די האַנט. דאָס בלוט פון דער האַנט האָט געריננען אויפן זאַק, און זי האָט געלאַכט.

— אָט אַזוי בויט מען זיך אַ הויז, מיט אייגענע בלוט בכדי

ס'זאָל ליב זיין און אייגן בלוט איז טייער — האָט זי דאַן געזאָגט צו איר זלמנען און געלאַכט.

און זלמן האָט זיך געקוקט אויף זיין פינטל א וואו ער איז געוואוינט. אויף די גרין געפאַרבטע קעסטעלעך פון דער סטעליע, וואָס ער האָט אַזוי קונציק פיין אויסגעפאַרבט.

ביידע אַלטע האָבן מיט עקשנותדיקער גבורה געוואָלט באַהערשן דעם צער, וואָס אָט, אָט באַלד נאָך אַ שעה קומט ער.

ס'איז באַשטימט, ער קומט, ער מוז קומען!

זיי פאַרלאָזן אויף אייביק זייער אַלטע אויסגעוואַרעמטע נעסט... אסתר האָט געשלונגען אין זיך די טרערן, פאַרשטיקט מיט גבורה די זיפצן, וואָס האָבן זיך געריסן פון האַרץ.

ער האָט אַראָפּגענומען די' האַנט פונעם האַרצן, און איר אַרויפגע־לייגט אויפן פליכעוואַטן קאָפּ. אַ קוועטש געטאָן, ווי ער פלעג אַמאָל אַ קוועטש טאָן אַ ווילדן „פּאַטרא" ביים מאַנסירן אים, און אַ זאָג געטאָן אין זיך:

דו גלאַטער באַראבאַן שטום! דו ריר זיך מיר נישט מיט דיינע איי־דעלע שרייפלעך, מיש מיר נישט אויף דעם גאָלדענעם עבר! דאָס טראַכטן, געדענקען פון וואָס אַמאָל איז געווען... דער געדאַנק איז אָבער נישט קיין ווילדער לאָשאַק, וואָס לאָזט זיך צוימען...

ער האָט זיך גרינג באַפרייט פון אונטער זיין האַריקער שטאַרקער האַנט, און זיך גענומען שפּאַצירן אין דער פּאַרגאַנגענהייט.

די געשטאַלטן פון יענע שיינע צייטן, זיינען אויפגעשוואומען אין זכרון און זיך אים אַוועקגעשטעלט פאַר די אויגן:

אַ יונגער מענטש מיט אַ שוואַרץ בערדל, ברייטע אקסלען, געזונט ווי א בער, אַקערט מיט אַ דאָפּל־פלוג, רייסט שטיקער פון דער „צעלענא", די אָקסן סאָפּען, פרייכען, ציען, ציען דעם אקער אייזן, שוואַרצע סקיבעס ערד ווערן אויסגעלייגט אין אַ גלייכער ליניע, ס'זעצט א פאַרע פון דער פריש אויפגעאַקערטער רעלאַי; ער שמעקט דעם ריח שדה, ווערט פריילעך, און זינגט זיך ניסי בעלזערס „וישמחו".

די ליכטיקע אַרגענטינער זון שיט מיט גאָלד איבער זיין קאָפּ און

גילדעט אים אַפּ די צוקונפט מיט אזא העלער ליכט, אַז ער לאָזט די אָקסן גיין זייער וועג און אַליין צעטאַנצט ער זיך אין מיטן פעלד.

אָט שניידט ער תבואה אין פעלד. זיין אייגענע ברויט. אָט, האָט ער שוין אויסגעדראָשן, פאַרזאָרגט אַ יאָר מיט חיונה, און אָט איז ער זיך אַ באַלעבאָס. אַ גרויסע שטוב, אַ גאָרטן, אַ סאָד, אַ וואַלד, בהמות, עופות, אַ פּאָמעשטשיק געוואָרן און נאָך אין אזא פרייער מדינה. זיין אסתר באַלעבאַטעוועט, מעלקט קי, פּיעליעט דעם גאָרטן, אַ שטוב פון כל־טוב, זינגענדיק און ארבעטנדיק גייען און ציען זיך ליכטיקע טעג, קיין ברעקל שווארץ איז אין זיי נישטאָ.

אָט איז ער שוין אַ טאַטע פון זעקס קינדער, פינף זין ווי די ליכט, און אַ בת יחידה. אַלע זעקס קינדער אַזוי געזונט, אַזוי שטאַרק, קיינמאָל נישט קראַנק געווען.

די זון, די געזונטע פעלד־לופט, האָט קיין קרענק קיינמאָל אין שטוב אַריין נישט צוגעלאָזט.

וועז מאָזלען, ווען קריכן ביי זיי די ציינדלעך? פרעגט ביי דער פּאָמ־פּאַ, פרעגט ביים ווינט, ביים וואַלד, ביי זייערע רייט פערדלעך, אויף וועל־כע זיי יאָגן זיך אַרום דורך די טעג.

און אָט בייט זיך ווידער דאָס „בילד". אין זכרון גיט אים אַ בליץ אויף דער ערשטער שניט פון אלפאַלפאַ און ער זעט עס אַזוי קלאָר, העל, גלייך ס'איז ערשט נעכטן געשען. ער פילט נאָך דעם הימלשן טעם דערפון.

ס'איז פאַרנאַכט, פונקט ערב פורים. אַ הערלעכע זון, אַ רויטע רוקט זיך אין מערב. ער שטייט אויף דער פּאַרווע מיט אַ ווידלע אין האַנט, לייגט צונויף די פרישע געקאָסעטע שמעקעדיקע אַלפּאַלפּע. זיין אסתר שטייט אונטן, ביים סטויג און דערלאַנגט אים אַרויף די פּאַשע. די זון שיקט אירע לעצטע גאָלד־שטראַלן אויף דער פאַרווע, וואו ער שטייט און פאַרגילדעט אים מיט דער ווידלע, מיט דעם סטויג פאַשע אין איין שטיק רויט־גאָלד. זיין אסתר ווערט אַנטציקט פון דעם און פּאַטשט פריילעך מיט די הענט:

— מיין מלך אויפן גאָלדענעם טראָן! זע נאָר ווי ער האַלט דעם קעניג ס'צעפּטער...

און אין אָוונט נאָך דער מגילה און נאָך אַ גוטער וועטשערע פאַר־גלוסט זיך אים צו לייגן זיך שלאָפן אין דרויסן אויף דער סטערטע. דער קליינער אָשר, דער פיר יעריקער בכור זייערער וויינט, ער וויל שלאָפן מיטן פּאַפּאַ אויף דער פּארווע. ער טוליעט דאָס קינד נעבן זיך, דעקט עס איין און ער צושטרעקט זיך בהרחבה אין דעם שמעקעדיקן גראָז, ליגט זיך כמלך בגדוד, קוקט אין דער קײלעכדיקער לבנה ווי זי שפּאַצירט אום אַ קײלעכדיקע, באַזילבערט זיין פעלד, זיין שטוב, דעם קאָראַל מיט בהמות. די פינקלדיקע שטערן שאַרן זיך אין דער שטיל, מיט דרך ארץ גייען זיי זייער זילבערנער קעניגן נאָך...

פון ווייט פונעם וואַלד, זינגט דער „קאַוועסיטאַ־נעגראַ" און ער דרימלט איין. פּלוצלונג הערט ער אַ שאָרך, אַ ווייסע געשטאַלט בויגט זיך איבער אים, ער דערשרעקט זיך. אָבער ער דערהערט באַלד אסתרס קול, וואָס פּליסטערט אין דער שטיל:

„איך האָב נישט געקענט איינליגן אין שטוב, איך האָב געוואָלט אַ קוק געבן, ווי דאָס קינד שלאָפט ס'זאָל נישט זיין קיל פאַר אים". ער דער־פרייט זיך, רוקט זיך אָפּ פונעם קינד און לאָזט פּלאַץ פאַר איר. זלמן ליגט אויפן בעטל, קוקט מיט די אויגן אויפן קעסטעלע פון דער סטעליע, און דער געדאַנק אין מוח שפּינט און מישט די בלעטלעך פון דער פאַר־גאַנגענהייט.

אָט זעט ער די קינדער קומען פון דער שולע זאַלבע דריט אויף איין פערד. אַלע זיינען צעפלאַמט טאַנצן פאַר שמחה: זיי האָבן געוואונען אַ „קאַרערא־וועט" מיט זייער פערדל די „פּעטיסאַ" און דער בכור זיין אָשר, וואָס וויל נאָר מ'זאָל אים רופן „אָסקאַר" נישט מיטן נאָמברע רוסאָ. „אָשר", בעט אים ער זאָל אים לאָזן אויפזעצן אויפן זיץ־פלוג. — „זשאַ סאָי גראַנדע", זאָגט ער — איך בין שוין אַ גרויסער, זשאָ סע מאַנעכאַר לאָס קאַבאַזשאָס". איך קען אָנטרייבן די פערד... ער טוט אים צוליב, דער אינגל נעמט די וואשקעס, די בייטש, מאַכט אַ פּאָר „וואַועלטאַס" מיטן פלוג, דאָס האַרץ ווערט אים אָנגעפילט מיט פרייד.

אסתר — שרייט ער אריין אין שטוב — קוק נאָר ארויס, זע נאָר, ווי אונדזער אָשר אקערט די ערד!

ביי דער מוטער ווערט דאָס פנים צעשטראַלט, זי הויבט אויף די אויגן צום הימל: „איך דאַנק דיר גאָטעניו, מיינע קינדער וועלן שוין האָבן א רואיקע ערלעכע פרנסה". אָט אזוי רוקן זיך די בילדלעך אין זיין זכרון. ער בלעטערט דאָס גאָלדענע בוך פונעם עבר, ער שניידט פראַגמענטנווייז און ביי יעדן פראגמענט פילט ער זיך עפּעס אזוי זיס. עס לייכט אין אים א קליינינקער באהאַלטענער געדאַנק: וואָס וואָלט דער אַלטער געטאָן, מיט וואָס וואָלט דער זקן געלעבט, ווען ער האָט נישט די זכרונות פון אמאָל?

און דער קליינינקער, יונגיטשקער געדאנק מישט אים אויף א שיין בלעטל:

א ליכטיקע קילע זומער נאַכט, דער טיש אין הויף אונטער א פייגן־בוים איז אַרומגעזעצט מיט זיינע זעקס קינדער; ביידע לערערס פון די שולן, דער אידישער און דער שפּאַנישער, א ספרדיש אינגל מיט קויל שווארצע אויגן איז ביי די קינדער צוגאַסט. דער קליינער יאַנקעלע, וואָס ער איז שוין איצט א דאָקטער, ער סערווירט פאַר די קינדער א מאַטע. די מאַמע, אונטערגעבונדן די פאַטשיילע פון קאָפּ אויף הינטן, א צעשטראַלטע דערלאַנגט צום טיש קנישעס, הייסע, ערשט אַרויסגענומען פונעם אויוון. בערטא, שוין א כלה־מיידל, רייסט פון איר בלומען־גערטנדל די שענסטע יאסמינען, וויאָלעטעס, דערלאַנגט די קאַבאַזשעראָס און די אויגן לייכטן ביי איר עפּעס מיט א מאָדנעם גלאַנץ... ער מיט זיין אסתרן ווינקען זיך איבער מיט די אויגן.

דער הויף הילכט פון זייער פריילעכן געזאַנג. מ'זינגט אידישע, העברעאישע און שפּאַנישע לידער. די שטימען צעטראָגן זיך אין דער פרייער פּאַמפּאַ, אַז נאָך איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן „הערט" ער אָפּטמאָל זייערע עכאָס דאָרט אין פעלד. ס'ווערט א געשריי: טעלווינא! טעלווינא! דער גאוטשאָ דאָרט אין גאַלאָפּ, דערהערט דעם רוף און ער ווייסט שוין וואָס די קינדער פאַרלאַנגען. ער ציט אויף זיך ארויף זיינע יום־טוב בגדים, די פאַסקעוואטע „טשיריפּא", די רויטע פאַטשיילע; נעמט די גיטארע אין

האַנט, און וואַקסט אויס צווישן דער יוגנט. זיינע אַדלער אויגעלעך בליצן אויף, ער נעמט מיט זיי אַרום די יוגנט.

— בוענאָס מוטשאַטשאָס — זאָגט ער און ער זעצט זיך אויף זיין ליבלינג בענקעלע, דער קאָפּ פון א קו, וואָס ליגט פון אים אליין באַהאַלטן דאָרט אין גאָרטן. ער שפּילט אויף דער גיטאַרע און חברה טאַנצן. אָפּטמאָל נעמט מען נאָך דאָס מאַמעלע אויך אריין אין קאָן.

אָט אזוי ליגט זיך זלמן, זעט אלעס ווי אין קינאָ. יעדער בילד פונעם עבר זעט ער נאָר ליכטיק, פריילעך. די אַלע קאַטאַסטראָפעס, פּרעניותן, וואָס האָבן זיך אויך נישט איינמאָל אין דער קאַנווע פון די פאַרגאַנגענע יאָרן אריינגעוועבט, זיי זעט ער גאָרנישט. זיי לויפן דורך ווי די פאַלאַווע אויפן ווינט. די זערנע די ריינע קערנער, זיי שטעלן זיך אים פאַר די אויגן און ער לעבט איצט אַלץ אויף ס׳ניי איבער און שמייכלט אין זיך.

א טיפער זיפץ פונעם צווייטן בעטל האָט איבערגעריסן זיין געדאַנקען שטראָם; די קעגנוואַרט האָט זיך אים פאַר די אויגן אָוועקגעשטעלט, און אויף דעם פריערדיקן ליכטיקן פינטל האָט ער גאָר א שווארצן צייכן אויף דער סטעליע געזען הענגען, אין דער פאָרמע פון אן אייזערנעם פּראַנע צייכן.

און איצט? דער איצט האָט זיך אים געשטעלט מיט דער גאַנצער ברוטאַליטעט און אים פונעם הימל אין טיפן תהום אראָפּגעוואָרפן. און דער אייזערנער שוואַרצער „הוק" האָט צו אים ווי געשמייכלט... וואו זיינען זיי? קיין איינער פון זיי איז נישט פארבליבן...

אַלע זעקס קינדער, האָט די שטאָט ביי אים אָפּגערויבט, אַלע זעקס פויזען אום אין דער שטאָט, כאַפּן אויס די מזונות איינס ס׳אנדערע פון מויל. און דאָס פעלד, וואו זיי זיינען אויפגעהאָדעוועט געוואָרן, זייער באַקוועמע היים, זייערע אַלטע טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן זיי אזוי שטאַרק ליב, האָבן זיי פאַרלאָזט?

פאַרוואָס?

דאָס האַווקען פון סוזשאַקן האָט זיך שטאַרקער געלאָזט הערן דאָרט, הינטער דער טיר.

—זלמן, ווער זאָל אזוי פרי קומען צו אונדז? — דו הערסט, סוזשאק איז עמיצן באפאלן.

— אפשר חיים הירש, דער בעל עגלה — מ׳דאַרף אויפשטיין פאַר־פּאַקעווען דאָס בעטגעוואַנט, און היידאַ!

אסתר האָט זיך אַ זעץ אויפגעטאָן אויפן בעט און זיך צעוויינט.

— נאָר דאָס נישט מיין טייערע! — וויינען, דאָס האָב איך פיינט, מיר האָבן דאָך עפּעס אָפּגערעדט! שטאַרק, שטאַרק זיין! — „אדם מיט חוהן“ ווען זיי זיינען פון זייער גן עדן פאַרטריבן געוואָרן, האָבן נישט גע־וויינט — אין אָרט, אַ פּלאַץ וואו צו באַהאַלטן זיך פון בושה, אז גאָט אליין זאָל זיי נישט געפינען, האָבן זיי געזוכט. ער האָט אַ קוק געטון אויף דער סטעליע וואו ער האָט אין געדאַנק דעם פראַגע צייכן געזען, און אַ זאָג געטאָן: עט אַ נאַרישקייט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אויף זיך דאָס רעקל, די שטיוול און געעפנט די טיר.

חיים הירש, מיט דער בייטש אין האַנט און אויך דער לערער פון דער קאָלאָניע, וואָס איז זיך געקומען געזעגענען מיט זיי האָבן אים באַ־געגנט מיט אַ גוט מאָרגן.

— וואָס איז דאָ צו פירן, עפּעס אַ סך באַגאַזש — פרעגט חיים הירש?

— דאָס בעטגעוואַנט און אַ קעסטל מלבושים, — מער נישט, דאָס איבעריקע געפינט מען דאָך דאָרט, אין שטאָט אויך.

— אודאי, געפינט מען אין שטאָט. קוים, קוים צום שכל געקו־מען, זלמן!

— צו וואָס פאַר אַ שכל, בין איך קוים געקומען, חיים הירש?

— צו וואָס פאַר אַ שכל?

פטור געוואָרן פון אַ זליעדניע — אייערע קינדער האָבן דעם שכל נאָך פריער באַקומען...

זלמן איז ווייס געוואָרן ווי קרייד, האָט אַ קוק געגעבן צום לערער, דער האָט אויפגעהויבן די אויגן אויפן בעל עגלה און מיט איראָניע אַ זאָג געטאָן:

— אַ זליעדניע, די קאָלאָניזאַציע? אַזאַ שלעכטע זאַך איז עס?

דער בעל עגלה האָט איבערגענומען די בייטש אין דער צווייטער האַנט, אויסגעצויגן אַ פוס אויף פּאָרויס, און מיט אַ באַשטימטער אויטאָריטעט אָפּגעענטפערט:

—גענויס אַ שלעכטע זאַך! ס'איז אַן עסק פאַר איוואַן זלאָדע — אַקערן ערד, ליגן אין פעלד, ס'איז נישט פאַר אונדז.

זלמן האָט אַ שמייכל געטאָן, און מיט ביטול אַ זאָג געטאָן:

— נו, גענויס, ווערליק אייער פאַרשטאַנד!

דער בעל עגלה, וואָס איז געווען אַ גאַנצער תקיף אין שטעטל, אַ קאָמיסיאָנס־מיטגליד פון דער ת"ת, אַ שטיקל עושר און אַ גרויסער שטיק מחוצף, איז רויט געוואָרן ווי אַ בוראַק.

— איך האָב נאָך מער פאַרשטאַנד פון איינעם, וואָס ליגט יאָרן און יאָרן אין פעלד, אַקערט די ערד און האָט צו טאָן מיט בהמות.

— איז אויף דער קעלניע מיט די פערד, באַקומט מען מער פאַרשטאַנד, ווי ביים פלוג אין פעלד?

סוזשאַק האָט געזען ווי דער פּאַטראָן מאַכט מיט דער האַנט האָט ער אַ שפּרונג געטאָן און אויפגעעפנט דעם פיסק.

דער בעל עגלה האָט זיך אָבער מקדים געווען, האָט אים מיט דער בייטש דערלאַנגט איבערן קאָפּ.

— אַלטער כלב, דו מיש דיך נישט צווישן אונדז...

דער הונט האָט געכאַפּט דעם עק צווישן די פיס און איז מיט אַ יללה אַוועק הינטער דער וואַנט.

דער לערער, וואָס האָט זיך אַביסל דערשראָקן פאַרן הונט און אויך פאַרן כעס פונעם אויפגעברויזטן קאָלאָניסט, האָט געזאָגט:

— נעמט אליין ר' זלמן און באַרעכנט, פופציק יאָר איז אַלט די אַרגענטינער קאָלאָניזאַציע. דער באַראָן האָט מיליאָנען אויף איר געגעבן, זאָל זיין, אַז אַ גרויסן טייל פון דעם האָבן כשרע באַאַמטע פאַרטאַכלעוועט... אָבער גאָלד האָט מען דאָך די ערשטע קאָלאָניסטן געגאָסן אין האַלדז — איז וואָס איז געוואָרן אין די 50 יאָר?

דריי טויזנט קאָלאָניסטן האָבן מיר אויפן פּאַפּיר און וואָס אַ טאָג ס'גייט אַוועק, בלייבט אַליין ווינציקער פון זיי. די קינדער לויפן אַוועק,

באַזעצן זיך אין שטאָט, די אַלטע, די ערשטע פּיאָנערן, שטאַרבן אויס, אַ טייל פון זיי מוזן נאָכלויפן די קינדער און ווערן שטאָט־תושבים, און די קאָלאָניע, די בעסטע, די שענסטע ווערט אַ חורבה...

ארץ ישראל איז אלט 50 יאָר, אויפגעבויט געוואָרן אויף נדבות, און מיטן כוח פון באַראָן ראָטשילד, זיינען די ערשטע ישובים געגרינדעט געוואָרן. און ווען די ערשטע באַרימטע פּיאָנערן, די „בילום“, האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַרן ישוב, וואָס האָבן זיי אבער געמאַכט פון זייערע קינדער? נעשטודירטע פּראָפעסיאָנאַלן אין פּאַריז. די אַלטע האָבן געלעבט פון נדבות ביז די בוימער זיינען אויפגעוואַקסן, געגעבן פּראָדוקטן און מיט דער הילף פון ביליקע הענט זיינען זיי היינט פּרדסניקעס, נישט קיין ערד אַרבעטער... און די נייע, די חלוצים וואָס זיינען קוים מיטן לעבן אַנטרונען פון דעם אייראָפּעאישן בלוט־באָד, מאַכן קליינינקע פאַרמס, וואָס פון זיי וועלן זיי קיינמאָל נישט קענען לעבן. איצט קוקן זיי ארוים אויף נדבות, אויף די משולחים וואָס קלאַפּן אין די צדקה פּושקעס; און די נייע טויזנטער אידן וואָס גייען איצט איבער אויף ערד אין רוסלאַנד, זיי אַלע — נעממט, ר' זלמן, און קוקט זיי אָן ווייטער מיט אַ דור — וועט איר זיי זען ווי די ארגענטינער קאָלאָניזאַציע.

— מיר, ר' זלמן — כאַפּן זיך צו דער ערד־ארבעט און מיר קענען זי אַרבעטן נישט ערגער און אפשר נאָך בעסער פון אַנדערע נאַציעס, — אָבער נאָר אויף איין דור, דער דור וואָס ווערט דערשיטערט פון רדיפות און פּאָגראָמען; דער צווייטער דור, ווען די נויט איז פאַראיבער פאַרלאָזט די ערד אַרבעט.

זלמן איז געשטאַנען אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געביסן די נעגל פון דער האַנט. די רייד פונעם לערער זיינען ווי הייסע בליי געפאַלן אויף אים און מיט טיפן ווייטאָג האָט ער אַרויסגעבורטשעט:

— שווארצער נביא פארוואָס איז עס אזוי?

— ווייל אין אונדזער בלוט איז נישטאָ די ליבע צו דער עבודת־האדמה.

— וואָס רעדט איר? — אונדזערע אור־אור־עלטערן זיינען דאָך עובדי אדמה געווען!

— זיינען דען די אידן אין אונדזער לאַנד נישט געזעסן איש תחת גפנו ותאנתו?

א שמייכל האָט צעקרימט דאָס פנים פונעם לערער.

— אַן אָנגענומענער וועלט שקר, און נישט מער!

מיר אידן קומען ארויס פון יעקבן א איש תם, אַ באַנק קוועטשער. דער מאמע רבקהס ליבלינג, דער ברודער זיינער איז געווען א פויער א איש שדה, און האָט זיך טאַקע דערפאַר מיט אונדזער זיידע יאנקל צעקריגט, ביז דער זיידע האָט אינגאַנצן אוועקגעוואָרפן דאָס פעלד, איז אוועק צום פעטער קיין מעסאָפּאטאמיע, געוואָרן דאָרט רייך פון פי־האנדל...

און שפּעטער אין ארץ ישראל זיינען אידן כרמים'ניקעס געוואָרן, נישט קיין אגריקולטאָרן, פּאַרטיקע שטיבער, פאַרטיקע וויינגערטנער גע־טראָפן און זיי באַארבעט מיט שקלאַפן, עבדים פון די באַזיגטע פעלקער און אויך מיט די הענט פונעם אָרימן עבד עברי, און זיי אליין זיינען גע־זעסן איש תחת גפנו...

— אַ שיינע לעקציע, כ'לעבן — אין אַ שיינער ליכט שטעלט איר אוועק אונדזער פאָלק ישראל!

— נישט אין קיין שיינער ליכט? איר שעמט זיך דערמיט וואָס מיר זיינען נישט קיין פויערים פאָלק? און אז די ענגלענדער, די בעלגיער זיי־נען נישט קיין פויערים פאָלק, זיינען זיי דען ווינציק שיין?

— לערנט איר דאָס איינענע מיט אונדזערע קינדער אויך?

— איר פרעגט, צו איך לערן דאָס מיט די קינדער? אונדזערע גרויסע לערער די תלמודיסטן האָבן עס פאַר מיר געזאָגט „אין עבודה פחותה מהקרקע" נישטאָ קיין שפּלדיקע ארבעט ווי ערד־ארבעט און מיר האָבן זי באמת פיינט...

— און ס'איז טאַקע נישטאָ וואָס ליב צו האָבן — רופט זיך אָן חיים הירש דער בעל עגלה.

ער גיט א פאָך מיט דער בייטש און זאָגט: יעדן ביסן ברויט, וואָס דער פויער נעמט אין מויל באַניסט ער פריער מיט שוויים! ווען דער קרע־מער, דער סוחר, באַקומט עס אָן ארבעט, די פאָר סענט קומען אים אָן אַ

סך גרינגער און ער לעבט צווישן מענטשן נישט אזוי עלנט ווי א שטיין אין פעלד.

אסתר וואס איז אנגעקומען אויף די לעצטע רייד פרעגט זיך בתמי־מות: — פארוואס זשע באזינגען אזוי שטארק די פאעטן דאס פעלד און דעם פויער?

— ליבע פרוי — ענטפערט איר דער לערער — די בינען זינגען נישט, די פייגל, די לײדיקגייער, וואס קומען צום גרייטן, זיי כאפן א זער־נע און צעלאזן זיך מיט א זמר...

— „יעי באגו", ער האט רעכט — שרייט אויס דער פורמאן, מיר גלעטן דעם פערד אין הינטן ער זאל בעסער שלעפן.

—א בעל־עגלה איז אריין מיט די פערד! — אט זיינען מיר קא־לאניסטן ביי אים פערד!

חיים הירש א חכם און איך זלמן שיף — א פערד! טפוי זאלט איר ווערן רשעים! ער האט א שפיי געטאן און אוועקגעשפאנט אין פעלד.

סוזשאק האט אויך א בייזן בליק געווארפן אויפן בעל עגלה, א בורטשע געטאן און איז נאכגעלאפן דעם באלעבאס.

די זון א פריילעכע האט זיי ביידע אין פנים אריינגעקוקט און מיט א ליבלעכער ווארעמקייט ארומגענומען.

סוזשאק איז געלאפן פארויס, געיאגט די טיערראס, וואס זיינען מיט א געפילדער געפלויגן איבער זיין קאפ. און זלמן האט געשפאנט, געשפיגן און געטרייסלט מיט ביידע הענט ווי איינער, וואס וויל פון זיך אפטרייס־לען עפעס א מאוסקייט.

— פע, מיאוסע ברואים! א מלמד, א בעל עגלה, וואס פארשטייען זיי דאס פעלד? ער בלייבט שטיין, הויבט אויף די אויגן, קוקט ארום דאס גאנצע פעלד, וואס איז באגאסן מיט זון און רעדט צו זיך:

אך ווי איך האב דיך ליב מיין טייער פעלד! איך מוז, איך מוז אוועק גיין פון דיר, ווייל איך בין אלט. מיין אסתר איז קראנק, מיינע קינדער זיינען אוועק פון דיר, זיי האבן פארגעסן די פריילעכע קינדער יארן, וואס דו האסט זיי פארשאפט. אבער איך, וואס ב׳האב דיך מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט קולטיווירט, איך וועל דיך נישט פארגעסן, מיין טייערע

מאמע־ערד. וואו איך וועל נישט זיין, אין שטאָט, אין רויש פון מענטשן מיט זייער לוקסוס, וועסטו מיין טייערע מ א מ ע מיט דיין איינזאַמער שטילער זוניקער שיינקייט פאַר מיינע אויגן שטיין. בענקען וועט מיין הארץ נאָך דיינע שיינע, ליכטיקע פרימאָרגנס, נאָך דיינע גאָלדענע פאַר־נאכטן. ער קניט אנידער אויף דער ערד, נעמט מיט די נעגל גראָבן אין איר.

סוזשאק דערזעט עס, כאַפּט ער מיט זיינע לאַפּעס, הויבט אָן גראָבן מיט זיינע שאַרפע נעגל און ווי די טבע פונעם הונט איז, צעוואָיעט ער זיך דערביי. זלמן וואָס איז געווען געגוג צעשרויפט מיינט, אַז דער הונט פאַר־שטייט וואָס ער דענקט דאָ צו טאָן, נעמט אים ארום ביים האלדז און זאָגט:

דו מיין טייערער סוזשאק, דו פאַרשטייסט מיך מער פון מיינע קינ־דער, און ער שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויף זיין האָריקער פעל. דער הונט קערט אום דעם קאָפּ, לעקט אים מיטן צונג, און זלמן פילט א טריישאַפט פון אַן אמתן פריינט און רעדט צו אים, גיסט אויס פאַר אים זיין ביטער הארץ:

אַן עלנטן האָבן זיי מיך פאַרלאָזט, האָבן צעבראָכן מיין זיסע, רואיקע היים און איך בין געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט; אלע, אלע לאכן מיך אויס. ער נעמט אַראָפּ די פּאַטשיילע פון זיין האלדז, רייסט אָפּ אַ שטיק און שיט אָן אין דעם אַביסל פון דער איינגעגראָבענער ערד און באַהאַלט דאָס אין בוזים. אָט אָ דאָס ליבע ביסעלע ערד נעם איך מיט זיך מיט, אַן אייביקן אָנדענק פון דיר טייערע מאַמע. דאָס וועל איך טראָגן וויפל איך וועל לעבן און אויך אין קבר אריין מיטנעמען מיט זיך. ער שטעלט זיך אויף נעמט אַראָפּ דאָס היטל פון קאָפּ בויגט זיך אין אַלע פיר ווינקלען פון זיין פעלד: אַדיאָס מיין טייער ליב פעלד! זיי געבענטשט פון גאָט, קיין רעגן און טוי, זאָל דיר קיינמאָל נישט פעלן. ס'שפּאַרט אים אַ טרער אין אויג, אָבער ער שלינגט איר אראָפּ מיט עקשנות. ער עפנט דאָס מויל שעפּט אָן פולע לונגען מיט דער ריינער לופט פון זיין פעלד. דאָס לעצ־טע מאָל און מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ שפּאַנט ער צוריק צום שטוב.

דער וואָגן ביים שטוב איז שוין געווען געלאָדן מיטן געפּעק. חיים הירש איז אויף דער קעלניע געזעסן און געבורטשעט: — ס'איז 20 קילאָ־

מעטער, מ׳מעג זיך אביסל צואיילן, די באן ווארט נישט אויף קיינעם.
אסתר האט זיך צעוויינט אויפן קול.

— מיר האבן דאך עפעס אפגערעדט מיין ווייב! — נאר שטארק זיין! שלינג אראפ מיט מוט, אלץ וואס דער שיקזאל דערלאנגט.

ער איז צוגעגאנגען צום טיר, ארייננעקוקט אין שטוב און האסטיק פארקלאפט די טיר. ביידע זיינען ארויף אויפן וואגן, די בייטש האט א קנאל געטאן און די פערד האבן גערירט.

אפפארנדיק א פאר צענדליק מעטער האט אסתר א געשריי געטאן צום בעל עגלה — שטיי א רגע — איך וויל נאך איינמאל כאטש א קוק געבן אויף מיין היים. זי האט אומגעקערט דעם קאפ צום שטוב און שוין נישט אראפגענומען דעם בליק, ביז די שטוב האט זיך פארלארן פונעם אויג. די טרערן האבן אין דער שטיל כסדר געקאפעט.

זלמן איז געזעסן אויף דער פור און שטיל געזונגען. אפנים אויף צו להכעיס דעם בעל עגלה. עפעס א שטיקל „ענקת מסלדך", און אלע מאל א רעד געטאן צו סוזשאקן, וואס איז נאכגעלאפן נאך דער פור מיט אן אראפגעלאזטן קאפ.

ווען זיי זיינען אנגעקומען אויפן איינזאמען סטאציאן האט זיך שוין געהערט דאס זשומען פונעם לאקאמאטיוו. זיי האבן אפגעגעבן דעם באגאזש, ארויסגענומען בילעטן און אריין אין וואגאן. א קלונג, א טיאך אין הארצן, נאך א קלונג, נאך אמאל א טיאך, א דריטער קלונג — א ריס און מיט אמאל ארויסגעריטשעט: אדיאס! אונדזער דרייסיק־יעריקע היים.

סוזשאק איז געשפרונגען אין פענסטער, געקוקט מיט ליבע צו זיינע באלעבאטים. ווי נאר דער באן האט גערירט האט דער הונט אנגעהויבן וויינען, איז נאכגעלאפן, און ווען דער באן האט גיכער אנגעהויבן צו גיין, האט ער מיטן גאנצן כוח א שפרונג געטאן אין פענסטער און איז ארונ־טערגעפאלן אונטער די רעדער. א מוראדיקער קוויטש האט פארהילכט די לופט און אויס — סוזשאק.

זלמן האט א ציטער געטאן מיטן גאנצן גוף און האט א זאג געטאן: ארעמער סוזשאק, דיר איז שוין גוט...

# א ברכה פון פעלד

דאָס ליכט פונעם ווינטערדיקן טאָג, האָט אָנגעהויבן טונקלען. דאָס פינסטערניש האָט זיך פון אַלע זייטן געשאַרט, און אָנגעזאָגט אויף דער לאַנגער קאַלטער פינסטערער ענדע יולי נאַכט.

א קליין ווינטעלע נאָר א שניידנדעס האָט געבלאָזן פון דער פּאַמפּאַ און צואַווימן געגעבן אויפן אָנקומען פון פראָסט.

ער האָט אונטערגעטריבן דעם „סיינא" — גיכער, גיכער, שטעל פיס, ס'ווערט קאַלט. דער סיינא האָט געפאָלגט און איידער נאָך ס'איז רעכט פינסטער געוואָרן איז ער צו צום שטוב.

— פידעלע, גיט ער א זאָג צום שיקסל, וואָס איז אין דרויסן ביים ברונעם געשטאַנען, — גיי אריין און צינד אָן דעם לאָמפּ פון זאַל און הייץ איין גוט די הרובע.

דאָס שיקסל האָט אויפגעעפנט אירע שוואַרצע פייער־אויגן און אים אָנגעקוקט ווי פאַרוואונדערט און אַרויסגעשטשירעט צוויי שורות ציין.

— וואָס קוקסטו מיך אָן פידעלע? גיי טו וואָס איך הייס דיר.

— ען סעגידא, פּאַטראָן — ען סעגידא! און זי איז אריין אין שטוב רופנדיק:

— פּאַטראָנא! פּאַטראָנא!

ער האָט אויסגעשפּאַנט דעם סיינא, איינגעדעקט אים מיט א וואַ־רעמער רעדניע, אָנגעטאָן אים אויפן פּיסק א מאָראַל מיט מאַאיס און זיך גענומען איינוואַשן ביים ברונעם.

די פּאַטראָנא האָט געעפנט די טיר.

— רחמיאל! רחמיאל! וואו ביזטו?

— אָט דאָ בין איך ביים ברונעם, בתיה, — וואָס איז עפּעס נייעס?

— דאָ אין שטוב איז קיין נייעס נישטאָ — נאָר ביי דיר העך איך איז דאָ נייעס... וואָס האָסטו עפּעס געהייסן אָנצינדן דעם גרויסן לאָמפּ אין זאַל? האָסט שוין מסתמא עפּעס א גאַסט, א שלעפּער, פון רוסלאַנד, צי פון ארץ ישראל? ערשט היינט אָפּגעוואַשן דעם פּאָל — פאַרענדיקט זי ביייזלעך.

— נישט קיין שלעפּער מיין ווייב, — דוקא קאָלאָניסטן, אָנגעלייגטע געסט פאַר מיר און אויך פאַר דיר.

בתיה האָט פאַרצויגן מיט די ליפּן: — ווער? זאָג ווער?

— וואַרט מיין ווייב, אָט קום איך אַריין אין שטוב, וועל איך דיר דערציילן, — גיי אַריין, ס'איז א פראַסטיקער ווינט, דו קענסט זיך נאָך צוקילן חלילה.

---

דער לאָמפּ מיט דעם קיילעכדיקן טעלער־גלעזל, ברענט העל, דער ברייטער קנויט ציט פאַר א נאָווינע דעם קעראָסין, און א שטיל זשומ־זשען, ווי א מין זמרל טראָגט זיך אין זאַל.

די פאַמיליען־בילדער, אויך די בילדער פון „הירש" און „הערצל" קוקן אַראָפּ פון די ווענט ווי פאַרחידושט:

וואָס האָבן די בעלי־בתים עפּעס באַלויכטן דעם זאַל?

רחמיאל זיצט ביים טיש אָרויפגעלייגט ביידע האָריקע הענט, בתיה אַנטקעגן אים, פידעלע דערלאַנגט מאַטע, און רחמיאל דערציילט:

— הייסט עס, דער אַלטער ישראל, מיט פייסי חם און יאָסעלע דער גרינער.

— וואָס פאַר א געסט... — האָסטו זיי נישט געקענט אויפנעמען אין קיך?

— אין קיך אויפנעמען דעם אַלטן ישראל? — דו ווייסט בתיה, א איד אין די שמונים, א איד א למדן, ס'איז א כבוד אים צו זען אין שטוב.

— נו, און דער חם — איז אויך א כבוד?

צעלאַכט זיך רחמיאל, און די ברייטע אַקסלען טרייסלען זיך אים, אַז דאָס בענקל ווערט שיעור צעבראָכן אונטער אים.

— א חם, א חם! פּייסי איז א חם? — אוי מיין ווייב הלואי וואָלטן אונדזערע אייניקלעך געקענט, וואָס דער חם האָט פאַרגעסן.

— פאַרוואָס־זשע רופט מען אים חם?

— דאָס איז בלשון סגי נהור.

— וואָס הייסט עס?

די הינט אין פאַטיע האָבן אָנגעהויבן האַווקען און איבערגעשלאָגן דעם שמועס.

— פידעלע לויף נאָר ארויס — נעם צו די הינט.

— הערסט רחמיאל, איך קען דאָך דיך, — דו, אז דו צערעדטסט זיך...

— נו, וואָס — נעמסטו איין בושהם?

— זאָל זיין שטיל, — שאַ זיי גייען.

אַלע זיצן ביים טיש, מ'רעדט וועגן קאָלאָניע ענינים, און די שוואַר־צע לויפט מיט דער מאַטע, אריין און אַרויס, און ווייזט די ווייסע ציין.

— אָפּגעוועזן צוויי חדשים אין שטאָט, וועלן מיר טאַקע פון אייך עפּעס וויסן. מ'ווערט דאָך דאָ אין דאָרף ווי פאַרשימלט; נאָך אמאָל דער פאַסיעוו, און נאָכאַמאָל די פערד, קי, קעלבלעך —דערציילט איר עפּעס פון שטאָט לעבן.

רחמיאל האָט א צי געטאָן מיט די אקסלען, און דער גרויסער פאַלד פון זיין שטערן איז רויט געוואָרן.

— פון דער שטאָט? — פון וואנען זאָל איך אָנהויבן? די אונטער־ערדישע טראַמוואַיען שפּייען אויס טויזנטער מענטשן — שטייסטו אויבן זעסטו א כוואַליע בלויעלעכע קאַפּעליושן הויבן זיך אין דער הויך, קומען ארויף און ווערן פאַרשוואונדן, קוקסטו אראָפּ אונטן, זעסטו פּיס, פּיס, וואָס לאָזן זיך אראָפּ. ס'ווערן געפּאַקט די עלעקטרישע קעסטלעך, א פּייף און ניטאָ פון זיי קיין געביין; און אַזוי גייט עס אַלע פינף מינוט. דער אַלטער ישראל האָט א גלעט געטאָן דאָס ווייס־גרויע בערדל.

— פּיס און קאַפּעליושן? נו און די מענטשן?

— מענטשן האָב איך נישט געזען, נאָר אויטאָמאַטן וואָס לויפן, פליען, ווער ווייס וואוהין?

— דאָס טראַכטן זיי ווי אַרום אָפּצונאַרן איינער דעם צווייטן, דער גרויסער פיש לויפט איינשלינגען דעם קליינעם פיש — רופט זיך אָפּ יאָסל דער גרינער, און גייט זיך דערביי אַ געשמאַקן לאַך.

— אָפּנאַרן ענטפערט חם, און פארקאטשעט זיך בנעימות אַ פּאַ־פּיראָסל — דאָס איז דאָך דארויף אַ שטאָט; מענטשן טראָגן צונויף ציגל, ליים, וואַפּנע, אייזן, בויען זיך עטאַזשן אין דער הויך, מאַכן זיך אַ פּלאַץ אום צו האָבן אַ וואו איינעם ס׳אַנדערע אָפּצונאַרן.

— איר טרייבט אַביסל איבער — זאָגט רחמיאל, איר נעמט עס צו באַנאַל.

אַלע בלייבן שטיל, קוקן צו רחמיאלן, און ער דערציילט:

— אָט גיי איך אמאָל דאָרט אין בולוואַר. איך זע אנטקעגן איבערן וועג אַ שיין עטאַזשנע הויז, אַ מעננע מענטשן גייען אַריין און אַרויס, רעדלעך, צעפּלאָמטע שטייען אין דרויסן, טענהן מיט די הענט — עס מוז זיין אחינו בני ישראל, טראַכט איך זיך, און גיי צו.

מ׳רעדט אידיש, טאקע אַ בערדיטשעווער אידיש. איך גיב אַ פרעג אַ יונגערמאַן — ווער איז דאָס הויז? ער גיט אויף מיר אַ בליק עפּעס ווי מיט ביטול —אונדזער הויז — ווען דען זאָל עס זיין, גרינע חיה? אויב אַ אידיש הויז, מעג איך דאָך אריינגיין, גיי איך אריין און זע: מע־נער, פרויען האַלטן צעטעלעך אין די הענט, סחורות ווערן געשניטן, גע־פּאַקט, מענטשן שיטן זיך ווי זאמד.

ס׳שווינדלט מיר פאַר די אויגן — וואו בין איך אַריינגעפאַלן? דער קאָפּ האָט זיך מיר שווער פאַרדרייט. אַ גליק ס׳קומט צו מיר צו, אַן אויס־געפּוצטער יונגערמאַן, זייער אַ סימפּאַטישער מיט אַ פריילעכן קול.

— וואָס מאַכט איר ר׳ רחמיאל, ווי קומט איר אין אונדזער קאָ־אָפּעראַטיווע?

— אה! אַ קאָאָפּעראַטיווע איז דאָס — וואָס פאַר אַ קאָאָפּעראַטי־ווע און ווער זיינט איר? איך דערקען אייך נישט.

דער יונגערמאַן האָט אַ שמייכל געטאָן.

— איר דערקענט מיך נישט? — לייבל בין איך. איך בין אַ קאָלאָ־ניסטישער זון, שלמהס זון, איר האָט מיין טאַטן ע"ה גוט געקענט.

אַלע וואָס איר זעט דאָ, זיינען דאָס רוב פון זיי, פון די קאָלאָניסטן.

— מיר זיינען קוענטעניקעס, מיר גיבן סחורה אויף אויסצוצאָלן, דאָס הויז און אַלע סחורות, וואָס איר זעט דאָ — איז אונדזער אייגנס, דאָס ריזיקע געשעפט איז געגרינדעט אויף אַקציעס און אַלע זיינען מיר שותפים.

ער האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם, מיך אויסגעפירט אין אַלע אָפּטיילונגען און מיר אַלעס געוויזן.

— איר הערט וואָס איך וועל אייך זאָגן, קאָלאָניסטן — מיר האָבן דאָך נישט איבעריק ליב דעם קרעמער, נאָר אויף אַזאַ קאָאָפּעראַטיווע, אַ ברכה צו מאַכן.

— לאָזט שוין אָפּ ר' רחמיאל — איר זיינט גאָר דאָרט באַגייסטערט געוואָרן — זאָגט דער אַלטער מיט אַ שמייכל — דערציילט אונדז בעסער פונעם גייסטיקן רכוש, פון אונדזערע שיינע אידישע אנשטאַלטן אין שטאָט.

רחמיאל האָט זיך ווי פאַרשעמט און בתיה האָט זיך אַ קרים געטאָן און אין דער שטיל אַ זאָג געטאָן: אַז ער צערעדט זיך! — גיי בעסער צאַפּ אָן אַ ביסל ווישניאַק — לאָמיר מכבד זיין די געסט.

גענומען צו ביסלעך משקה, פאַרביסן מיט גענדזענע גריוון, און היי־מישן קאַלב־וואורשט, האָבן אַלע דריי זיך מיט אַן ערנסט צוגעהערט וואָס רחמיאל דערציילט.

— אנשטאַלטן, זאָגט איר? יאָ, אַ ברכה — טאַקע אַן אמתע ברכה. דאָס האַרץ ווערט ברייט פון שמחה ביי דעם פעלד־מענטש, אָנצוקוקן די שיינע אידישע אינסטיטוציעס, וואָס די אימיגראַנטן האָבן אויפגעבויט אין דעם יונגן אידישן ישוב אין משך פון אַזאַ קורצער צייט.

צוריק מיט זיבן און פערציק יאָר, ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין דער שטאָט בוענאָס איירעס, געשלעפּט זיך מיט דער קאָנקע פון גאַס צו גאַס, איז קיין איד נישט געווען צו זען. די זונה מיט אירע קויפער זיינען געווען דער עלעמענט, וואָס האָבן דאָס אַרגענטינער אידנטום פאַרגע־

שטעלט. א שוידער און א חרפה האָבן אַלע אונדזערע גלידער דורכגענומען א טראַכט טוענדיק: וואוהין דער שיקזאַל האָט אונדז פאַרפירט? און וואָס קען דאָ אין דעם לאַנד פון אונדזערע קינדער ווערן? מיט צעבראָכענע הערצער זיינען מיר דאַן אוועק אין פעלד, זיך גענומען ארבעטן די ערד.

— ארבעטן — זאָגט פייסי חס, און הונגער — און ליידן אַלערליי פרעניותן וואָס קיין דיכטער, קיין שרייבער איז עס נישט בכח אויסצושרייבן.

— שלאָגט נישט איבער די רייד, שרייט אויס יאָסל דער גרינער. און רחמיאל זאָגט ווייטער:

— און ווען נאָך די אַלע קאַטאַסטראָפעס און פרעניותן האָט אונדז די געבענטשטע ערד מיט ברויט באַלוינט און די ארגענטינער הימלען, האָבן צו אונדז א שמייכל געטאָן: אידן, איר זענט אין א פריי לאַנד, האָט אונדז דאָך א סקרוך דורכגענומען דאָס לייב. מיר זיינען א אָפּגעשניטענער אבר, אן אבר המדולדל פונעם כלל ישראל, פארוואָרפן אין דער ווייט, מעבר לים. דער אַלטער דור וועט אוועק זיין נאַטירלעכן וועג און וואָס וועט ווערן פון די קינדער? אָבער די פאַרבאָרגענע האַנט וואָס דרייט דאָס רעדל „געשיכטע" האָט זיך אירע וועגן. קומט א יאַפּאַן מיט א מלחמה, קומען רדיפות, פּאָגראָמען, לויפן אוועק פון פעלד די יעניקע פון אונדז, וואָס קענען נישט פאַרטראָגן די נגישות פון די באַאמטע פון דער קאָלאָניזאַציע, און אויך די שווערע הערלעכע עבודת האדמה, און פון זיי אַלע איניינעם וואַקסט אויס א ישוב אין שטאָט.

— דאָס איז דער נצח ישראל — זאָגט אין דער שטיל דער אַלטער ישראל.

נו, טאַקע זעצט פאָר רחמיאל, — דער אייביקער איד האָט באַלד געוויזן זיין אייביקייט און פון דער עיר הזונה, א קריה נאמנה געמאַכט, א מושב זקנים האָבן זיי צום ערשטן געגרינדעט און נאָכדעם א בית יתומים ויתומות.

— יאָ, זאָגט דער אַלטער ישראל — דער אָנהויב און דער סוף.

— וואָס מיינט איר אָנהויב און סוף? — רופט זיך אָן בתיה.

דער אַלטער האָט אויפגעצויגן דעם שטערן.

— איך זאָג דער אָנהויב און דער סוף פונעם מענטשן, די צוויי שוואַכסטע אומבאהאָלפּנסטע עטאַפּן פון זיין לעבן: דאָס קינד נויטיקט זיך אין אַ מדריך און אַ דערציער, אין דער ליבע פון דער מאַמען, און דער השגחה פון טאַטן און ווען דער שיקזאַל האָט געוואָלט אים איבערלאָזן אין דעם שטורעמדיקן ים פון לעבן אָן דער שיף פון עלטערן, ער איז נעבעך פאַריתומט געוואָרן. ווי אומגליקלעך איז זיין לאגע? ווי פיל צער ליגט צעגאָסן אין דעם שיינעם פאַראומערטן פּנים'ל פונעם יתום, אָדער יתומה. בתיה לאָזט שוין קאַפּען אַ טרער אויפן טיש.

— יאָ די אידישע יתומה! איך וויים דעם טעם, איך האָב זיך אַ יתומה דערצויגן...

אָבער נאָך מער טראַגיש איז די לאַגע פונעם צווייטן עטאַפּ. די עלטער — זאָגט דער אַלטער ישראל און באַמערקט דערביי:

אַך ווי שרעקלעך עס איז, דעם זקן, וואָס אַלע לעבנס בריקן זיינען אים איינגעבראָכן געוואָרן. די קינדער זיינע האָט דער טויט, אָדער דער לעבנס שטראָם אַוועקגעריסן פון אים. די זון זיינע האַלט שוין ביים פאַרגיין... אָט באַלד דעקט אים צו די אייביקע נאַכט און דאָ איז ער אַליין, עלענד און שוואַך. ער זוכט אַ ווינקעלע, אַ שטיקעלע רואיק פּלאַץ אין דער גרויסער אַכסניה, אין דעם צייטווייליקן האָטעל „וועלט“.

— נו, כאַפּט זיך רחמיאל, איז טאַקע ווי איך זאָג: געבענטשט זאָלן זיין די מענטשן, וואָס האָבן פאַר דעם זקן דאָס ערשטע געזאָרגט.

---

מיר מעגן ווי נישט ליב האָבן די קרעמער, נאָר ווען איך קום אין שטאָט און קוק אָן זייערע אַנשטאַלטן, די הערלעכע אידישע אינסטיטוציעס, בויג איך מיין קאָפּ און גיב זיי אַ ברכה פונעם טיפן האַרץ.

א לייכט־טורעם האָבן זיי אויפגעשטעלט די לעגענדארישע לייטער, וואָס איר שפּיץ גרייכט צום הימל, און די פיס פון דעם לייטער שטייען אויף דער ערד — צעלאַכט זיך דער גרינער אויפן קול, — איר הערט אויף דער ערד, אויף דער ערד, ביי אונדז אין פעלד, מיר זיינען „נותנים ונותנים“, ווען נישט דאָס פעלד...

—נו, וואָס איז דאָס געלעכטער? — מיר גיבן, מיר אונטערשטיצן די אַלע אנשטאַלטן. אודאי האָבן מיר אויך א חלק! זאָל זאָגן בתיה, מיר זיינען איינמאָל צוגעגאַנגען צום שפּיטאָל, מיר האָבן דערזען דאָס בראָנ־זענע בלעטל „עזרה, אידישער שפּיטאָל", זי האָט מיך ביי דער האַנט אַ נעם געטאָן און מיט אַ ציטערנדיקער פרייד אַ זאָג געטאָן:

— אָ, דאָס איז די „יעווריעסקע באָלניצע"? — אך ווי שיין!

יאָ, ברידער, איר ווילט וויסן וואָס מיר פאַרמאָגן, אונדזער גייסטיקן רכוש? אַ שלל, כ׳לעבן! בתיה איז דאָך מיט מיר אומעטום געווען. אָט איז הכנסת אורחים, קריגט דער אָרעמער אימיגראַנט אַ וואַרעם לעפל געקעכץ, און אַ ליבלעך וואָרט דערצו. אָט איז דער „ועד־החינוך", אַ נעץ פון אידישע שולן פאַרשפּרייט אין לאַנד, אָט איז אַ „בית־הציונים" וואו ס׳ברענט שטענדיק דער נר תמיד מיט הייסער ליבע צו אונדזער הארץ האבות.

אָט איז אַ שול. דער אָרגל שפּילט, די נשמה אין דיר פלאַמט אויף און טראָגט זיך אין דער היסטאָרישער צייט פון די לויים מיט זייער שפּילן אין בית המקדש. אין דער אָרטאָדאָקסישער שול שטייט אַ יונגער חזן און זינגט אזוי באהארצט.

אַ צופרידענער גייסטו אַרויס פון דאָרט און טראַכסט: אַ שיינע אידישע קהלה געוואָרן, מיט אזוי פיל גייסטיקע אוצרות, וואָס די קרעמער האָבן געשאַפן. און אָט ביזטו אין גאַס, אַ ווייסע הויז בליאַסקעט דיר אין פנים, אַ גרויסע פענסטער־שויב מיט אידישע אותיות לייכטן דיר אין די אויגן: „די אידישע צייטונג" און ווייטער מיט אַ דריי גאַסן זעסטו „די פּרעסע". דו פילסט זיך שטאַרק, אַ מחיה.

און באַלד קוקן צו דיר „פּנים׳ער", דער „שפּיגל" פון דער יונגער קהלה, דו ווערסט באַגייסטערט.

— הייסט עס אַז ס׳פירט זיך טאַקע אַלעס מיט חשבון אויך? עס ווערט פאַרצייכנט, נאָטירט, אָפּגעפּנים׳ט... ס׳איז דאָ אַ יד כותבת...

דו באַקענסט זיך אביסל מיט די כותבים, מיט די סופרים, אַלע אָנגע־לערנטע יונגע לייט.

— יאָ, פאַרוואָס זשע רייסן זיי זיך אַזוי צווישן זיך? אי די שריי־

— בער אי דאָס קהל? פּאַרוואָסזשע איז נישטאָ צווישן זיי קיין שלום? — פרעגט חם.

— שלום איז נאָר אויף דעם בית עלמין... דאָס לעבן איז אומצופרידנהייט... דער גרעסטער ענו פון דער וועלט האָט אויך מחלוקת געפירט און עד היום ווייסן מיר נישט צו קרח איז נעבעך נישט געווען גערעכט...

אַלע ביים טיש האָבן זיך פונעם אַלטנס וויץ צעלאַכט און מ׳האָט זיך א נעם געטאָן צום ווישניק און געטרונקען לחיים.

— צום געזונט פון דער קהלה, אירע עסקנים, אירע אַנשטאַלטן.

נאָך דעם האָט מען אָפּגערעדט צווישן זיך, אַז אויף ראש השנה זאָלן מיר זיי אַ שנה־טובה, אַ ברכה פון פעלד אריינשיקן.

# חשבון איז חשבון

אויף א טעראפלען, וואס גייט צווישן גרינע פעלדער פון קארן, ווייץ און ליאן גייען זיי זאלבע צווייט. דער אלטער ברייט ביינערדיקער איד מיט א שיינער גרויער בארד, אנגעטאן א ווייסע פאטשיילע ארום דעם האלדז, טראגנדיק אונטערן ארעם דעם מחזור מיטן טלית, האלט דעם קאפ אראפגעלאזט, איז פארטראכט, עפעס ווי א מורא איז אויסגעגאסן אויף זיין פנים. דאס לייכטע פעלד ווינטל שפילט זיך מיט זיין אויסגע־קעמטער ריינער בארד, קריכט אין די קנייטשן, וואס ארום די אויגן, קיצלט אים אין די אראפגעלאזענע ברעמען, וויל אפנים ארויסבאקומען א פריי־לעכן גוטמארגן ביי דעם אלטן און באקומט דוקא דעם היפוך: א טיפער זיפץ רייסט זיך אפט ארויס פונעם אלטנס ברייטער ברוסט.

דער צווייטער, א יונגער שלאנקער אינגל מיט פעך־שווארצע האר, און לענגלעכע טינט־אויגן, א פנים בלוט און מילך, געשלאסענע דינע לי־פעלעך, באברייסט מיט א דינינקע סטענגעלע, אויסגעפוצט נאך דער לעצטער מאדע, גייט הויך אויפגעהויבן דעם קאפ, קוקט אויף די שיינע פעלדער, שלינגט די פרישע מארגן לופט און די דריי פעלדעלעך, וואס ליגן ביי אים צווישן זיינע סאמעט ברעמען, ווייזן אויף דעם שטארקן שטראם לעבן, וואס קוועלט ביי אים אין זיין יונגער ברוסט.

די זון אויבן רוקט זיך אלץ העכער, דאס ווינטל בייט זיך אויף דרום זייט און טרייסלט אראפ פון דער תבואה דעם נאכט פערלדיקן טוי, בויגט די גרינע קעפלעך איינס צום אנדערן. ס'הערט זיך ווי א מורמל אין פעלד,

די גראָזן שושקען זיך, דערציילן זיך אויפן אויער עפּעס אַ ליבע סוד פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט.

פעלד־בלומען אין פאַרשידענע קאָלירן וואַכן אויף. שטעקן ארויס זייערע נאַסע קעפּלעך פון צווישן דעם גרינעם ליאָן און ווייץ. פייגעלעך אין די טויזנטער פליען ארום איבער זיי, זינגען, פלאָנטערן זיך פאַר די פיס און פאַרהילכן מיט זייער קול די לופט.

ביי דעם אינגל צאַפּלט דאָס האַרץ פון פרייד. ער טאַנצט אונטער, הויבט זיינע שוואַרצע לעננלעכע אויגן צום שיינעם בלויען הימל, צו דער גאָלדענער זון. קוקט אויף די לייכטע בוואַליעס, וואָס וויגן זיך אויף די ברייטע תבואה פעלדער. ער וואָלט געוואָלט אַ לויף טאָן זיך דורכקאַטשען אין גראָז, באַהאַלטן זיך אין דעם בלויען צוויט פון דעם ליאָן, נאָכלויפן אַ גאַלאָנדרינע, וואָס זינגט אזוי שיין. אָבער דער אַלטער, ווען ער גיט אַ קוק אויף זיין ערנסט פאַרטראַכטער געשטאַלט, פאַרגייט אין אים די לוסט. ער ווערט אָנגעכמורעט און טראַכט: ארויסגעוואָרפן די מי, טאַקע כדאַי געווען צו בעטן זיך ביי די פּראָפעסאָרן אַן אורלויב צו באַקומען... איך האָב געדענקט, פאַרברענגען אַ פּאָר פריילעכע יום־טוב טעג אין דער היים, אָפּטרייסלען פון זיך דעם שטאָטישן ווינטער־שטויב, איינזאַפּן די פרישע פרילינג־לופט, זיך דורכרייטן אַביסל מיט דער קליינער עווא און געמוזט צוליב טאָן דער מאַמען, גיין מיטן אַלטן אין שול.

אַן אומעט ליגט אויף דעם אַלטן דור, זיי צעשטערן יעדער פרייד.

— וואָס איז ער אזוי אומעטיק דער אַלטער? — וואָס האָט ער מורא? די תבואה ווייזט זיך אזוי שיין, די בהמות קעלבן זיך, מילך און פוטער און עופות, טאַקע מכל טוב, וואָס זשע זיפצט ער דער אַלטער און וואָס איז ער אזוי טיף פאַרטראַכט?

זאָל אמת זיין אַז ער האָט מורא, ער גלויבט, אז היינט איז אַ יום־הדין, מ'זיצט דאָרט אין הימל און מ'שרייבט?

עס האָט אים אַ ברי געטאָן אין מוח, אַ געדאַנק האָט אים געזאָגט: ניין!

ס'איז נישט אמת, זיי אַלע האָבן אין אמתן גאָר קיין מורא נישט פאַר דעם טאָג, זיי ווייסן אזוי גוט, ווי איך מיט מיינע חברים די שול־

קאָלעגן, אַז דאָס גרויס אומענדלעכע שטיק מאַטעריע, וואָס רופט זיך צייט, איז אומצעטיילבאַר. נאָר מענטשן, וואָס שרעקן זיך פאַר דער לאַנגער לאַנגווייליקייט, פאַר דער גרויסער שטיק „טאָג און נאכט“, וואָס האָט גאָרנישט קיין גבול, האָבן גענומען אין זיך אַליין גבולים געמאַכט, זיך באַשאַפן אָנהויב און סוף יאָרן, יעדער שבט צו נאַציע, ווען זיי איז געפעלן. זיי האָבן זיך געמאַכט אַ ניי־יאָר אום זיך פריילעך צו מאַכן. אָפּגעשניטן מיטן אַלטן, אַוועקגעשיקט עס אין תהום פון דער פאַרגעסנהייט און מיט יובל און פרייד דאָס נייע באַגעגנט.

זיינען נאָכדעם געקומען די צבועקעס און אַרויפגעוואָרפן אַ מורא אויף די נאַאיווע מענטשן, האָבן דעם אָנגענומענעם ניי־יאָר־טאָג, מיטן נאָמען „יום־הדין“ געקרוינט; האָבן דעם פשוטן מענטשן באַגזלט זיין ביסל פאַרשטאַנד און אים פשוט גענאַרט. איינער נאַרט דעם צווייטן, און אַזוי גייט עס פון דור צו דור.

ער האָט אַ בליק געוואָרפן צום אַלטן, וואָס שפּאַנט ביי זיין זייט און געטראַכט: זאָל עס מעגלעך זיין, אַז מיין פּאַפּאַ, אָט דער הערלעכער פויער און אָנגעלערנטער איד, איז אויך פון די נאַרער אָדער גענאַרטע? אַ שוידער איז אים איבער די יונגע ביינער דורכגעלאָפן: ניין, ס׳קאָן נישט זיין! נישט קיין נאַרער, און אויך נישט קיין גענאַרטער, ווייזט ער אויס צו זיין מיין פּאַפּאַ.

עפּעס טאַקע אַ מין קדושת היום שוועבט אַרום די קנייטשן פון זיין אַלט צעאַקערטן פּנים, אַ אימה, געמישט מיט בטחון גיסט זיך אַרום זיין צורה, פון זיינע אויגן, וואָס קוקן אַ מיט תחנונים אַ מיט קוראַזש.

— פּאַפּאַ, דו גלויבסט אויך, אַז היינטיקער טאָג — איז היום הדין? ס׳זיצן ריכטער און משפּטן, סעקרעטאַרן שרייבן, און אַלע מענטשן ווערן דאָרט דורכגעלאָזט דורך אַ שמאָל טירעלע ווי מ׳לאָזט דורך די שאָף ביים ציילן, און מ׳מאַרקירט אָן: מי יחיה ומי ימות?

דער אַלטער האָט אַ ציטער געטאָן, האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיינע אויגן האָבן זיך אינעם פּנים פון זיין מוזשיניקל איינגעגעסן.

— וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן טאַטע?

— איך דערקען דיך נישט מיין קינד.

דער יונגער מאַן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ס׳האָט אים שוין באַנג געטאָן אויף דער פראַגע, נאָר פילנדיק אויף זיך די בליקן פונעם אַלטן, וואָס איז געשטאַנען נישט אַ ריר צו טאָן זיך פון פּלאַץ, האָט דאָס יונגע בלוט אין אים אַ קאָך געטאָן און מיט דעם שטאָטישן עטיק־שמייכעלע אַ זאָג געטאָן:

— דו דערקענסט מיך נישט פּאַפּאַ? פון נעכטן ביז היינט בין איך אַנדערש געוואָרן?

— אודאי אַנדערש — רעדן אַזוי באַנאַל, מיט אַ קאָמעדיאַנטן־שפּראַך, אָפּשפּאָטן פון אונדזער היילינגטום...

— שפּאָטן? חלילה פּאַפּאַ — איך האָב גאָר דאָס נישט געדענקט. איך האָב געוואָלט אין אמתן וויסן צו דו פּאַפּאַ, וואָס דו האָסט אַזוי פיל געלערנט, זעסט אויך אַ שנוי אינעם היינטיקן טאָג, ער זאָל מיט עפּעס זיין אַנדערש פונעם נעכטיקן... האָב קיין פּאַראַיבל נישט פּאַפּאַ — נעכטן זיינען די פערד, אָט די וואָס אַקערן דאָרט אַקעגן, אין אַקער געווען געשפּאַנט: פיר הינטן און צוויי פּאָרנט, קוק די זעלבע 18 דיסקאַס מאַשין שפּאַנט: פיר הינטן און צוויי פּאָרנט. קוק, די זעלבע 18 דיסקאַס מאַשין און זינגט און די זעלבע זון וואָס נעכטן, שיינט אויף זיי, אויף אונדז און ס׳איז גאָרנישט ניכר קיין שום נייעס, נישט אַזוי פּאַפּאַ? נעם כ׳לעבן הויב אויף די אויגן און גיב אַ קוק!

דער אַלטער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: די יוגנט מיט אירע ספיקות...

— נישטאָ קיין ספיקות, מיר לערנען און פאַרשטייען.

דער אַלטער האָט  אַ שמייכל געטאָן:  אַזוי פאַרשטייען  די פרוכט, דעם דעת, וואָס די מוטער חוה האָט אונדז דערלאַנגט קלעקט קיינמאָל נישט מער, ווי אַרויסצוזען ווי נאַקעט מ׳איז, צו וויסן, אַז מ׳פאַרשטייט גאָר נישט...

— טאַטע, די וועלט פאַרשטייט היינט, מ׳איז נישט נאַקעט... אין דער טעכניק, כעמיע, פיזיק, האָבן די היינטיקע געלערנטע גאָר וואונדער איבער וואונדער אויפגעטאָן. מיר באַהערשן די לופט, די וואַסערן, אונטן און אויבן.

דער אַלטער האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד.

— דו דאַרפסט מיר נישט אויסרעכענען די אַלע שבע־חכמות מיט אַלע זייערע מאָרד אינסטרומענטן, וואָס זיי האָבן אויסגעקלערט אום אויס־צוהרגענען איינס דאָס אַנדערע, איך האָב פון זיי גענוג געלייענט. איך וויל דיר נאָר זאָגן דאָס, וואָס איינער ר׳ זמרה האָט דאַן צוריק מיט צוויי טויזנט יאָר געזאָגט: „ווען ס׳זאָלן זיך צונויפנעמען אַלע געלערנטע פון דער וועלט און זאָלן שוין מיט זייער חכמה, מיט זייער כעמיע קענען באַ־שאַפן כאָטש אַ קליין פליגעלע — איז אָבער קיין נשמה וועלן זיי אין אים באַין אויפן נישט קענען אַריינבלאָזן".

יאָ, ביי דעם סוד פון לעבן און טויט בלייבן מיר שטיין נאַקעט. ביי דעם סוד וואָס הינטער דער טיר פאַלט דער דעת אַרונטער... דאָ מוזן מיר אָנקומען צו דער אמונה, צום גלויבן אין גאָט, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד, און די אַלע יצורים, וואָס ער איינער אַליין ווייסט דעם סוד פון חיים ומות.

— נו, האָסטו טאַקע אויף אַן אמת מורא פאַר דעם?...

— און דו, איר אַלע, האָט דען קיין מורא נישט? — ווערמען ווילסטו נאַרן?

— ניין טאַטע, — איך האָב קיין מורא נישט, — ווען איך זאָל דיר נאָכגעבן, אַז ס׳איז דאָ אַזאַ קראַפט, וואָס ער איינער אַליין דיריגירט די גאַנצע וועלט מיט די מיליאַרדן שטערן, לויט זיין ווילן און פאַרשטאַנד, און איך זאָל דאַרפן מורא האָבן, אַז ער וועט בייז ווערן אויף מיר און וועט מיר שלעכטס טאָן — וויל איך אים נישט קענען! אויב איך זאָל מיר יאָ פאָרשטעלן אַ גאָט, דאַרף ער, מיין גאָט, זיין פיל, פיל העכער, העכער פון אַזעלכע קליינקייטן ווי שנאה און טאָן עמיצן שלעכטס.

דער אַלטער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און אַרומגענומען דעם זון. — נו ביסטו דאָך מיין קינד אַן אמתר מאמין, אַ גלויבער... עס פרייט מיך זייער, צו הערן פון דיר אַזעלכע רייד. אונדזערע גרויסע געלערנטע האָבן דאָס זעלבע געזאָגט: „מאתו לא תצא הרע" פון אים, פון גאָט קומט קיין שלעכטס. ווען אונדזער משה האָט אין דער מלחמה מיט די מצרים זיי אין ים אַריין פאַרטריבן און האָט זיך נאָך אַוועקגעשטעלט זינגען: ד׳ איש

מלחמה... האָט גאָט טרערן אין ים אריינגעלאָזט פאַלן. מיינע קינדער ווערן דערטרונקען אין ים און ער זינגט שירה, און נעמט נאָך מיך אויך אריין אין קאָן.

— דו זאָגסט אמת מיין קינד — גאָט טוט נישט קיין שלעכטס — די מענטשן, די מענטשן, זיי טוען דאָס שלעכטס.

נישט קיין מורא פאַר גאָט, טרייבט אונדז אין שול, נאָר ליבע און אכטונג צום גרויסן בורא, וואָס ער איינער אַליין פאַרשטייט דעם סוד פון לעבן און טויט.

— אָבער וואָס איז גראָדע היינט?

— אונדזערע געלערנטע עלטערן האָבן אָפּגעקליבן אַ טאָג, איין טאָג אין יאָר, און אין דעם טאָג זאָלן מיר אַ חשבון פאַר אונדזערע מעשים אונטערציען, אַ באַלאַנס פון 365 טעג מאכן. באצאָלן די פעליקע וועקס־לען... זיך אביסל ריינוואַשן פון די חובות, אום זיך קענען גלייכן צו אים... ווי די פּאָעזיע האָט זיך אויסגעדריקט אויף אונדז: אַ „חיה־מענטש" וואָס איז באַשאַפן אין פאָרם פון גאָט. נו ווילן מיר זיך טאקע גלייכן צו אים און נעמען אויף זיך, אויף ווייטער נאָר גוטס צו טאָן.

דער יונגער האָט אַ פריילעכן טאַנץ געטאָן:

— טייערער טאטע, חשבון איז חשבון! — קום מיר גייען אין שול!

# רעמאטע-פעריע

מיין חברס פנים אָפּגעסמאַליעט און פאַרברוינט ביזן האַלדז, ענלעך צו אַלע פעלד אַרבעטער, איז געוואָרן איצט ווייס און רויט און ציענדיק מיט זיינע ברייטע אַקסלען, שטעלט ער אויף מיר אָן זיינע אויגן.

— הייסט עס, ס'איז בא דיר געבליבן באשטימט: אוועקצואווארפן דאָס לערעריי? — דו האָסט דאָך תמיד געזאָגט, אז פאר אַן אידעאַלנעם יונגן אינטעליגענט, איז דער הנוך דאָס שענסטע ארבעטס-פעלד?

— איך קען נישט — חבר מיינער, איך מוז — עס איז געוואָרן אומדערטרעגלעך און אומהערלעך...

— וואָס? — נישט ערלעך דאָס לערנען מיט קינדער, זאָגסטו בערל?

— עמי הארצים האָבן זיך אריינגעשלייכט אין דעם אידעאַלנעם גאָרטן און האָבן אים פארשוועכט...

ביידע האָבן מיר זיך אומגעקערט. אין טיר פון צווייטן צימער, איז געשטאַנען דער אַלטער שמעון, מיין חברס פאָטער, ווישנדיק זיך דאָס פנים מיטן האנטוך, שעפּטשענדיק אין דער שטיל דעם ברכת־הבוקר.

— גוט מאָרגן! — האָבן מיר אים ביידע אַ זאָג געטאָן.

דער אַלטער האָט גוטמוטיק געשאָקלט מיטן גרויען קאָפּ.

— וואָס האָסטו עפּעס געזאָגט טאַטע? — רופט זיך אָפּ מיט דרך ארץ מיין חבר, — די תלמוד תורות זיינען דאָך ביי דיר געווען גאָר אַן עולם ומלואה?

— די תלמוד תורות, אודאי האָב איך זיי ליב — זיי זיינען די נשמה, דאָס חיות, דער קיום פון דער אידישער אומה, אָבער די לערער,

די מנהיגים, האָבן זיי איבערגעפירט, פאַרנאַכלעסיקט, אָפּגעטויטעט אין זיי די נשמה... אַז איין גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ איד ס'קען אַרויסוואַקסן פון דעם איצטיקן דור...

דער אַלטער האָט פאַרענדיקט די רייד און אַ טיפער צער, האָט איינ־געהילט זיין פריש אָפּגעוואַשענעם פנים.

— דערלויב מיר פאָפאָ, — רופט זיך ווידער אַמאָל אָן מיין חבר,— וואָס פאַר אַ שלעכטס האָסטו אין דער אינסטיטוציע איצט דערזען? מיר שיינט, אַז דער חנוך שטייט איצט גאָר אויף אַ שענערער מדרגה.

אַ שמערצלעכער צוג האָט זיך, ווי איינגעשניטן אינעם אַלטנס פנים, און ער גיט אַ זאָג:

— הער מיין זון, נעכטן בין איך אין שטאָט געווען — יאָרצייט גע־האַט. יתומים פון די געשטאָרבענע קאָלאָניסטן האָבן קדיש געזאָגט, אָבער וואָס פאַר אַ קדיש?.. רבונו של עולם! מ'האָט נישט דערקענט צו ס'איז טערקיש, שפּאַניש, אַראַביש...

— אָרעמע קאָלעגן מיינע — אָט אויף דעם האָט איר אָפּגעהאָרעוועט אייערע יאָרן, אַז אייערע קינדער זאָלן נאָך אייך אַזאַ קדיש זאָגן?

דער אַלטער יאַנקל חוה'ס, האָט מיין צער באַמערקט און ער קומט אונטער:

— ס'איז נאָך ערגערס פאַראַן. אָט איז די מוטער שרה נ"ע געשטאָר־בן, אירע קינדער קומען אפילו אין שול נישט אַריין, זיי שעמען זיך נע־בעך, זיי קענען דאָס אויך נישט — וואָס־זשע טויג אונדז די שול, וואָס מיר האָבן געקויפט — קרעכצט דער אַלטער יאַנקל. דער צווייטער דור וועט דאָך איר שוועל אפילו נישט באַטרעטן, וואָס וועלן זיי דאָרט טאָן?

איך האָב דעם אַלטן יאַנקל נישט געענטפערט, דאָס האַרץ האָט מיר ווי געטאָן.

איך האָב געפילט, ווי דאָס בלוט שפּאַרט מיר אין פנים אַריין. אַ שרעקלעכער כעס האָט מיך אַרומגענומען און איך האָב אויסגעשריען:

— ביים אַלטן דור איז דער עיקר פון אידנטום: די שול, דער עסענץ פונעם חנוך העברי, איז: מודה אני, קדיש זאָגן, און אַ ברכה מאַכן — ביי אונדז יונגע, איז דער באַגריף פון אידישן לימוד, גאָר אַ העכערער.

מיר ווילן נישט פארזארגן די טויטע, אז דער גהינום זאל זיי דארט אויף אנדערהאלבן שעה אפגעקילט ווערן מיטן זונס קדיש זאגן... ביי אונדז איז די הויפט זאך דאס לעבן. מיר לערנען דאס קינד דעם לעבנס־וועג, מיר פלאנצן אין אים איין ליבע, ליבע צו זיין פאטערלאנד.

— ליבע — האט דער אלטער זיך געגומען איבערקרימען מיינע רייד — צוריק מיט צוויי טויזנט יאר, האט דער נוצרת׳ער איד אויך דאס זעלבע געפריידיקט, האט מען אים טאקע... איר ווילט נישט וויסן פון קיין טויטע? געשטארבן א טאטע — געפגרט א הונט. וואס מיר קדיש, ווער מיר שול? און א גרויסער טרער האט זיך אין זיינע אלטע אויגן געשטעלט. ער איז אריין צוריק צו זיך אין שלאף חדר און פארמאכט די טיר.

— וואס האסטו געטאן? — זאגט צו מיר מיין חבר געריררט — ס׳איז א צער, א גרויסער שמערץ פארן אלטן דור, צו זען ווי ס׳שטארבן אפ זיינע אידעאלן, זיין הייליגטום.

מיר צעברעכן זייער גאט, און קיין אנדערן, קיין שענערן, בעסערן גיבן מיר דאך זיי נישט... און אויף וועמען זאלן זיי זיך קלאגן, אז נישט אויף די מדריכים, די לערער, די דערציער פונעם דור? ס׳איז אן אומרעכט צו דערצערענען די מענטשן — זאג איך דיר בערל!

— די אומרעכט איז זייערע, חבר מיינער — זיי די אלטע ווי די יונגע, זיינען נאר פוסטע קלאגער אויף גלות השכינה, שרייען זיי, אז די דערציאונג, דער אידישער למוד, איז נישט ווי עס באדארף צו זיין. אבער טאן עפעס, טוען זיי דאך נישט. מ׳גיט א פעזע און מ׳קלויבט אויס פרעזי־דענטן וואס ווייסן אין חנוך ווי א קאזאק אין יוצרות... די גאנצע השגחה אויפן אידישן למוד בלייבט איבער אויף א פאר באצאלטע וואס ווייסן: אז 150 פעזעס א מאנאט, א כלומרשטן דירעקטאר פון א שולע און 100 פעזעס א לערער, איז א שיינע מטבע און א זיכערע פרנסה... די לערער שטארבן פון הונגער, גייען מיט געלאטעטע שיך און אויסגעריבענע הויזן, פונקט ווי בינעם מלמד דארט אין דערהיים... און זיי זעען פאר זיך א צו־קונפט שווארץ ווי די נאכט. אודאי די בעסטע, די פעאיקסטע פון זיי אנט־לויפן פונעם לערעריי, גייען אוועק. איך וויל אויך אנטלויפן פון דעם דלות, איך בין דאך געקומען צו דיר, זאלסט מיך לערנען דעם האנדל מיט פי

אויף די פעריעס... דאָס איז א רייכער מסחר, און אויך אָרנטלעך און פיין...

די געזיכטס־ליניעס פון מיין חברס פּנים האָבן זיך צעגאָסן אין א לאכנדן שיין, די אויגן פון זיין מויל האָבן זיך, ווי שפּאָטיש צוזאמענגע־צויגן און א פיר־טועגדיק מיט דער האנט איבער זיין גרויסער מעלענע האָר גיט ער אַ זאָג:

— בוענאָ, מירן זאָטלען פערד און פאָרן אויף דער פעריע.

---

א פריש קיל ווינטל האָט אונדז אין פּנים אריינגעווייעט, ווען מיר זיי־נען ארויסגעפאָרן אין פעלד. פונעם ביינאכטיקן רעגן האָבן נאָך קליינע קאָלירטע וואָלקנדלעך אין דער הויך זיך שטיפעריש געשפּילט, און אַ טי־פער בלויער הימל האָט צו אונדז אַראָפּגעקוקט. די ערד פריש, זויבער און ריין, גלייך ווי די מאַמע וואָלט זי ערשט אויסגעצוואָגן, איינגעהילט אין געלע רויטלעכע שטראַלן פון דער זון, האָט געשמעקט, געדופטעט, זיך געטוליעט אין דעם פרימאָרגן סוד, וואָס ציט ביים הארץ, רוט און בעט אין דער שוים פון דער שיינער נאַטור.

די בוימער זיינען זיך געשטאנען רואיק קוים, קוים באַוועגט זייערע פּייכטע בלעטלעך און מיט אַ טיפער ערנסטקייט געקוקט צום ליכטיקן הימל, ווי עס קוקן קליינע קינדערלעך אין דער מוטערס אויגן, ווען זיי האַלטן דעם וואָרצל פון ברוסט אין זייער מויל.

— זע נאָר וואָס פאַר אַ שיינקייט — רוף איך זיך אָפּ צו מיין חבר — ווי אַלץ גלאַנצט, הער נאָר דאָס פויגל געזאַנג, וואָס טראָגט זיך פון „מאקטאז משה״ - וואלד...

מיין חבר האָט אויסגעדרייט צו מיר זיין פּנים און שמייכלענדיק עפּעס, ווי מיט ביטול מיך באַטראַכט. דער קוק זיינער האָט מיך ווי מיט קאַלטער וואַסער אָפּגעגאָסן.

— וואָס קוקסטו מיך אָן אַזוי ווערלוול? פאַרנעמט שוין ביי דיר דאָס פעלד שיינקייט גאָרנישט קיין פּלאַץ?

מיין חבר האָט זיך צעלאַכט.

— הער שוין אויף מיט די אַלטע פּזמונות: פויגל זינגען, בלעטעלעך בלישטשען, דו פּאָרסט דאָך עפּעס אויף א פּעריע. קום ארוים אויפן שליאך, אַט דאָרט טרייבט מען קי, קוק זיך בעסער צו וואָס מ׳טרייבט און ווער עס טרייבט, ווילסט דאָך ווערן עפּעס אַ הענדלער פון סקאָט?

— נו, אַז מקויפט סקאָט, דאַרף מען שוין אַליין אויך אין אַ בהמה פארוואנדלט ווערן?

מיין חבר האָט זיך נאָך העכער צעלאַכט.

— און וואָס דענקסטו מיין טייערער — די פּראָפעסיע ווירקט נישט אויפן מענטשן? א נערוון־דאָקטאָר ווערט מיט דער צייט אַליין...

א לערער פון קינדער — אַ קינד, און אַ סקאָטינטשיק....

ס׳האָט מיך שוין אויף אַן אמתן פארדראָסן.

— הייסט עס, אַז די קויפער ווערן גלייך מיט די, וואָס ווערן דאָרט פארקויפט?

מיין חבר האָט אַ דריי אויסגעטאָן זיין פערד אַזוי, אַז אונדזערע ביידע פערדן־קעפּ האָבן זיך מיט די נעזער באַגעגנט און אין אַ געשעפטס־מעסיגן טאָן רופט ער זיך אָפּ:

— הער נאָר בערל — דו ווילסט האַנדלען — דו ווילסט איך זאָל דיר דעם פּעריע האַנדל ווייזן, טאָ געדענק מיינע רייד:

א סוחר, און נאָך אַ פּי־הענדלער אויפן מאַרק, טאָר נישט האָבן קיין אויגן פאַר שיינקייט, פאַר פּאָעזיע פון דער שיינער נאַטור, אויב נישט, קען ער אַליין אין א בהמה פארוואנדלט ווערן און ווערן פארשנוכערט דאָרט אויפן יאריד...

נישט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער, גיט ער אַ טורקע דעם סיינא פערד, און פּאָרט ארוים אויפן שליאַך.

שווייגנדיק בין איך אים נאָכגעפּאָרן.

פון ביידע זייטן שליאך איז אַ גראָזענער פעלד באַגאָסן מיט ליכט זיך שטיל געלעגן. קליינע רעגן וואסערלעך ארום וועלכע טויזנטער פּאַרביקע „מאריפּאָזאס״ זיינען, ווי באַזוימט ביי די ברעגעס געשטאַנען, האָבן מיט זייערע קאָלירן פארכאַפּט דאָס אויג. אַ פּאָר אויסגעוואשענע „האַרנעראָס״ טשאָקלאַט קאָלירנע פויגעלעך, האָבן זינגענדיק, בלאָטע פון די קאָלי־

זשעם געשלעפּט אום זייער שטוב דאָרט אויפן בוים צו באַליימען.

אַ מחנה פייגעלעך האַלב רויט און האַלב געל, זיינען מיט אַ שמחה פונעם „אַלגאַראַבער" וואַלד אַנגעפלויגן און זיך אין אַ קאַלירנדיקן צירקל איבער די מאַריפּאָזאַס צעזונגען, אַז ס'האָט מיך אַזש פונעם פערד גע־הויבן. איך האָב זיך אָבער באַלד אין מיין חברס רייד דערמאָנט: פּזמונות, נאַטור, פויגל זינגען, מ'טאָר נישט, אַ סוחר... איך האָב פאַרמאַכט די אויגן, אַ שמיץ געטאָן מיין פערד און זיך געיאָגט אין פאָראויס.

— טשע, פּאַראַ, וואָס יאָגסטו? — הער איך וועלוועלס שטים. האָב איך אָפּגעהאַלטן מיין פערד און ער איז אונטערגעקומען.

— הויב אויף די אויגן, קוק, וויפל פּי מ'טרייבט אויפן יאַריד. עס וועט אַ געוואַלדיקע פּעריע זיין, אָבער איך צווייפל, צו דער מסחר וועט דיך נעמען, דו ביזט נישט דערצו.

דורכקרייצנדיק די באַן ליניע און אַרויסקומענדיק אויפן שייד־וועג מיט אַ סך זייטיקע סולעפּקעס, האָט זיך אָנגעזען קליינע סטאַדעס פּי. וועלכע האָבן זיך געצויגן פון צווישן די גרין געהילטע טשאַקרעס. אַ רע־וועריי פון סקאָט, געמישט מיטן גאַוטשאָ־פייף פון די טרייבערס, האָט פאַרהילכט די לופט.

שאַף האָבן זיך געשלייכט ביי דער זייט וועג און פוסגייער האָבן גרויסע פעטע שווינען מיט בייטשן געטריבן און נישט געקענט אָפּטרייבן די טמאים פון די קאַלוזשעס וואַסער, וואָס האָבן אָנגערעגנט באַנאַכט.

מיר זיינען געפאָרן לאַנגזאַם צווישן די מחנות סקאָט, געזאָגט אַ „בוענאָס דיאַס" צו די טרייבער און מיין חבר האָט מיך געלערנט מבינות, וועלכע בהמה איז קריאָזשע, אָדער גאָר פון די גאָר גרויסע מיוחסים.

באַרג אַראָפּ נישט ווייט פון אַ לאַגונאַ, איז אַ היבשע האַסיענדאַ גע־שטאַנען. עטלעכע טרייבער זיינען רונד אַרום אַ רויכערדיקן פייער געזעסן, מאַטע געזופּט און זייערע נאַסע „פּאָנטשאָס", זיינען אויף דער אַלאַמברע צום טריקענען אויסגעצויגן געווען. איינער, אַ הויכער מיט אַ שראַם אויפן באַק, איז אויף אַ פערד געזעסן אין אַ לאַנגער פּאַקאַן, מיט אַ זילבערנעם שטילכל האָט ביי אים פון „טיראַדאָר" מיט גדלות אַרויסגעקוקט. ער איז אומגעפאָרן צווישן סקאָט, און זיינע גראָבע פליישיקע ליפּן האָבן זיך ווי

באוועגט. די טרייבער ביי דער מאטע טרינקען, האָבן אַלע ווײַלע א זייטיקן בליק פול מיט שפּאָט צו אים געוואָרפן.

— דאָס ווייזט אויס איז דער קאַפּאַטאַז — זאָגט מיין חבר — ער ציילט דעם סקאָט, ס'איז גוט צו וויסן פון וואָס פאר א עסטאבלעסי־מיענטאָ ער קומט.

מיר זיינען צוגעפאָרן, א „בוענאָס דיאס“ דעם ציילער געזאָגט, אָנ־שטאָט אָן ענטפער, האָט ער אַ בייזן פייערדיקן בליק אויף אונדז געוואָרפן און א ווייז געטאָן צום וועג.

— זעסט דאָך, ס'איז אַ חזיר — זאָג איך צו וועלוועלען, וועלכער איז זייער פארשעמט געוואָרן און געוואָלט מיט אים פארפירן א קריג — לאָז אָפּ, ס'איז אַ ראזבויניק, לאָמיר פאָרן.

— סי, א „סינווערגוענסא“ — ער האָט באדארפט עפּעס לקחנען, א פּאָר שטיקלעך אין מיטן וועג... איך האָב אים קוים איינגעבעטן ער זאָל אים לאָזן די זאַך אויף אַנדערע הענט און מיר זיינען פון אים אוועקגעפאָרן.

באַלד האָבן מיר אָנגעיאָגט צוויי יונגע רייטער, וואָס האָבן אַ גע־מישטע האסיענדע געטריבן. די פּי צווישן וועלכע עס זיינען פיל קליינע קעלבלעך געווען, איז זייער פּאַוואָלע און מיד געגאַנגען און די יונגע לייט זיינען זיך איינזייטיק אויף די זאָטלען געזעסן און צווישן זיך געמיטלעך געשמועסט.

— אָט ביי זיי וועל איך וויסן ווער דער קאַנאַזשע, דער סינווער־גוענסא איז, — שרייט אויס פריילעך מיין חבר.

— לאָז צורו וועלוול — די „פּונדיקעס“ — זיי ווייזן נאָך אויס ווילדער פון יענעם רוצח.

די צוויי רייטער האָבן אין אַ שאַלענדן געלעכטער זיך צעקייכט.

— א גליק פעטער, וואָס איר האָט נאָך נישט געזאָגט: „די כפּרה זאָלן זיי ווערן די שחורים“.

איך האָב זיך ווי פאַרשעמט, נו גיי דערקען אַז ס'איז אידן! אידן מיט מעסער אין לאסע!

— אנטשולדיקט קאוואזשעראָס!

מיין חבר האָט זיך גאָר דערפרייט מיט זיי.

מ׳האָט אָפּגעקערט אָן אַ זייט, אָפּגעשטיגן פון די פערד, זיך אויף די קני אַוועקגעזעצט און פאַרויכערט.

וועלוול האָט איינעם, דעם אינגערן פון די טרייבערס, אַ קאַלאַניסטי־שן אינגל, אָן אַ זייט אַוועקגענומען.

— איך האָב עפּעס מיט אים איבער אַ פּריוואַט ענין צו ריידן, זאָגט ער צו מיר — און דער „קאַווקאַזער“ ווייזט ער אָן אויפן צווייטן טרייבער — ער וועט דיר אַ לעקציע אין „הלכות פעריעס“ ריכטיקער ווי איך, פאַר־שטענדלעכער פון מיר קענען געבן.

און ער דערציילט אים אין קורצן, ווער איך בין און וואָס איך וויל ווערן.

דעם, וועלכן ער האָט קאַווקאַזער אָנגערופן, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און מיך באַקוקט.

איך האָב פאַר זיך דערזען אַ הויכן ברייטביינערדיקן ברונעט מיט אַ קאָפּ באַוואַקסן מיט אַ וואַלד קוטשעראַווע האָר, פון וועלכע ס׳האָט אַרויס־געקוקט אַ הויכער שטערן אין וועלכן ס׳האָבן געלויכטן צוויי שוואַרצע דיאַמאַנטן. געקליידט איז ער געווען אין אַ ברוינער ברינענער בלוזע, אַ געשטרייפטע העמד, געפּאַסטע באַמבאַטשעס אַריינגעלאָזט אין רויטע פּאַליינעס און שוואַרצע שיך. און אַ ברייטער „מיראַדאָר“ אַרום די לענדן אין וועלכן ס׳האָט געשטעקט אַ מעסער און אַ ברויניג; און די געלע טשאַמ־בערגע אויף זיין קאָפּ, איז ביי אים געלעגן עטוואָס אין אַ זייט.

ס׳איז אַ רעכט שטיקל יונג, טראַכט איך אין זיך, און לאָז פון אים קיין אויג נישט אַראָפּ.

— וואָס קוקט איר אויף מיר אַזוי לאַנג — פרעגט ער מיך שמייכ־לענדיק — אַ אידישער וואַגאַבונד, דאָס בין איך, אַ טרייבער פון סקאָט!

— אַ טרייבער! און נישט מער?

— און וואָס ווילט איר נאָך זאָל איך זיין? — דאַכט זיך אַז ס׳איז שוין כולל אליץ, וואָס די אָרנטלעכע מענטשהייט פאַרלאַנגט...

— וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן — איז די מענטשהייט נישט גענוג אָרנטלעך?

אַ בליץ פון האס האָט אַ גלאַנץ געטאָן אין זיינע פייערדיקע אויגן.

— הלואי וואָלטן זיי עס געווען, ליידער זיינען זיי אָרנטלעכע בהמות... און עטלעכע וואגאבונדן טרייבן זיי...

— איר זיינט שוין לאנג אין לאנד — פרעג איך אים.

— וואָס איז אייך די נפקה מינה? איר ווילט דאכט זיך באקאנט ווערן מיטן פעריע האנדל, זאָלן מיר בעסערריידן דערפון...

יאָ, ענטפער איך אים — איך דענק אָנהויבן האנדלען מיט פי.

— וואָס פאר אַ סאָרט האנדלען דענקט איר?

— וואָס פאר אַ פראַגע? האנדלען איז האנדלען — קויפן און פאַר־קויפן.

אַ פעראַכטלעכער צוג האָט זיך אַרום זיין מויל געוויזן, ער האָט אַ שטארקן ציי געגעבן דעם „טאָסקאַנאַ", ארויסגעלאָזט אַ וואָלקן רויך פון מויל.

— איר ווייסט נישט, טאַ הערט!..

— ס'איז פאראַן פילע אַרט האנדלען מיט דעם מין, נישט אַלע פע־ריעניקעס גייען איינעם און דעם זעלבן וועג. ס'זיינען צווישן זיי דאָ „אַמ־בולאַנטעס" אייניקע „וואָלאַנטעס" און אַ טייל וואָס מ'רופט „גלייזערס"... פארשידענע קאָמבינאַציעס, לויט דער פעאיקייט און שלויהייט, וואָס איינער באזיצט...

— וואָס זשע, מ'גייט דערביי איבער פון איין קלאַס אין צווייטן? — אפשר אַן עקזאַמען אויך?

— געווים אַזוי! אָט וועל איך אייך דערקלערן:

ערשטע קלאַס איז „אַמבולאַנטעס", וואנדערער, וואָס פארמאָגן בלויז אַ קליין ביסל קאַפּיטאַל, קיין שטיקל פעלד, קיין אומבאַוועגלעכע גיטער האָבן זיי נישט ,אפילו אַ קאָראַל פאַר די פי וואָס זיי קויפן, האָבן זיי אויך נישט. זיי וואנדערן אום מיט דעם געקויפטן סקאָט אויף דער פעריע, פאַשען אים אין די פרייע פעלדער, ביז דער צווייטער פעריע. זיי האָבן שוין זייערע געטרייע טרייבערס, וואָס גייען מיטן פי, פון איין פעריע אין דער צווייטער, און ווי אַזוי דער יאריד באגליקט... די רעמאַטאדאָרן, וואָס גיבן די פעריעס, זיי האַלטן אונטער דעם מין סוחרים, ער נעמט נאָר ביי אים צו דאָס ביסל

מזומנים און געטרויט אים שוין די פּי אויף שווערע אלפים. פּארשטייט זיך, די דאָקומענטן פון די פּי בלייבן דערוויייל ביי אים אין די הענט. און אזוי דרייט זיך עס כסדר... מ'איז א סוחר אויף אלפים און מ'קנאקט מיטן בייטש.

עס גליקט אָפּ און מ'ווערט א פּליער, מ'הויבט אָן קויפן פאר דער פּלאסע אין בוענאָס איירעס, דער סוחר פּליט שוין הויך. און ווען דער קרעדיט שוואנגערט אין די הויכע מאָנאָטן, גייט מען איבער אין דריטן קלאַס, מען ווערט גלייזער, ד. ה. מ'נעמט אַרויס א שויב און מ'שטעלט אַריין א שויב... שטענדיק דארף מען זען, אַז דער חלל זאָל זיין פאַרשטעלט... מ' דארף באַזיצן ענערגיע, קריכן אין די גרויסע פענסטער, אפילו אין די בענק־הייזער און שטעלן שויבן. מ'קויפט אַן אויטאָמאָביל, א באָנע אויף די באַנען, דאָס מוז געאַרבעט ווערן שנעל כהרף עין...

איך האָב זיך שוין מער נישט נעקענט איינהאַלטן און האָב אויסגע־שאָסן אין א געלעכטער.

דער בהור האָט אויפגעהויבן דעם געקרויזטן קאָפּ זיינעם און א פרעג געטאָן, מיט א געמאַכטן ערנסט:

— איר לאַכט גאָר? — וואָס זשע איר גלויבט מיר נישט?

— יאָ, איך גלויב אייך — אָבער פאַרשטיין אַ האָר נישט? — זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס טוט דער „אמבולאַנטע", ווי אזוי קען ער דורכ־מאכן די דריי פעריע קלאַסן?

— וואָס, דערלאָנג? דאָס פּאסירט זעלטן, סיידן דער אמבולאַנטע איז אליין א בהמה, מ'דארף שכל האָבן...

— וואָס העלפט שכל, ווען ס'איז פאַראַן פאַרלוסט אין דעם געשעפט?

— ס'איז נישט קיין געשעפט, ס'איז פּי, און דאָס „מין" קומט צו...

— וואָס זשע, ס'קומען צו פּיצינקע קעלבעלעך?

— איר זיינט טאקע א מלמד... איך צווייפל צו ס'וועט קענען פון אייך זיין אַן אָרנטלעכער אמבולאַנטע. ביי זיי, פאַרשטייט איר, קומען צו גרויסע.

— וואָס?

— אַט אָ דאָס וואָס איר הערט, אויף דערויף האַלט מען דאָך טרייבער!

ס'האָט מיך אָנגעהויבן איבלען ביי דער נשמה, און פונעם מויל האָט זיך מיר ווי אַרויסגעריסן:

—פע, גנבה!

איך וויל ווערן אַן אָרנטלעכער סוחר, האַנדלען הערלעך און ציען דער־פון מיין חיונה בכבוד...

דער בחור האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין מעסער און פון דער זייט אַזוי אַרויפגעקוקט גלייך מיר אין די אויגן אַריין און אָנגעפאַנגען איבער־צוקרימען מיינע רייד:

— האַנדלען אָרנטלעך, כאַ, כאַ, כאַ!

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, אַריינגעשטעקט דאָס מעסער אין גאַרטל, איז אַרויף אויפן פערד און אין גאַלאָפּ אוועק צום סקאָט.

איך בין געבליבן זיצן אויפן גראָז און געטראַכט:

— וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרגולמט? — גיט מיר מיין חבר א קלאַפּ איבערן פּלייצע, — זעץ דיך אויפן פערד, לאָמיר פאָרן, ס'הונגערט מיך שוין. אָט אָ דאָ נישט ווייט איז אַ באָליטשע, וועלן מיר דאָרט עפּעס איבער־כאַפּן. מיר האָבן צעלאָזט אונדזערע פערד אין גאַלאָפּ און מיר פאָרן.

אין דרויסן נעבן שענק צווישן דריי אויטאָמאָבילן געפּאַקט מיט מענטשן, איז אַ טיש מיט פול אָנגעשטעלטע אויפגעקאָרקעוועטע פלעשער ביר, וויין געשטאַנען און די מענטשן פון די אויטאָס האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין. געזופט דאָס ביר, פאַרביסן מיט וואורשט און זייער מיאוסע פּאָר־נאָגראַפישע ווערטלעך, האָבן זיך פון אַלע זייטן געשאָטן...

— באָליטשעראָ, סערוועסאָ! — טשע גאָרדאָ, טראַע קעסאָ!

און דער שענקער, זייער אַ פעט אידל האָט געשוויצט ווי אַ ביבער, דער־לאַנגט די משקה און געענטפערט אויף יעדן גראָבן וויץ נאָך מיט מער נבול־פה.

— דאָס זיינען פעריע־סוחרים, זאָגט צו מיר אין דער שטיל מיין חבר — מ'טרינקט אויפן חשבון פון דאָן פעדראָ דעם רעמאַטאַדאָר.

מיר זיינען אַריין אין שענק, אַ פּאָר היזיקע שוואַרצע, זיינען ביי א

טישל האַלב שיכורלעך געזעסן און דער גערוך פון אַלקאָהאָל, האָט זיך אין שענק שטאַרק געפילט.

מיר האָבן זיך ביי דער סטויקע אוועקגעשטעלט, געבעטן א פלאַש ביר, קעז און זיך צום עסן גענומען.

אַ שוואַרצער איז צום מאָסטראַדאָר צוגעקומען האַלטנדיק אין האַנט אַ גרין צענערל און פרעגט:

— דאָניאַ סאַראַ, קוואַנטאַ לע דעוואַ? — די שענקערקע „דאָניא סאַרא", אַ פולע ווייבל מיט זומער שפּריצעלעך אויפן פּנים, נעמט צו דאָס צענערל און ווענדעט זיך צום מאַן:

— הערשל, וויפל קומט ביים שוואַרצן? — ער איז שוין שיכור!

הערשל האָט דעם גוי געמאַכט דעם חשבון, און אַ זאָג געטאָן:

— אַ האָראַ עסטאַמאָס אַ מאַנאַ, אַמיגאָ — סיערטאַ?

— סי, סי סעניאָר, מורמלט דער גוי.

אַ רויטלעכער גוי, מיט אַ פלאַטשיקער נאָז, און וואַסערדיקע אויגן, טראָגנדיק אין האַנט אַ לעדערנע פלאַש קומט אריין אין שענק:

— „דעמע טרעס ליטראָ דע ווינאָ".

— פאַראַן דאָרט אַ ים הערשל!

— זאָל דיר „מאַי אין" און קאָפּ שרקה — רופט זיך אָפּ דער גוי אין אידיש — איך ווייס, ווילסט — ניש „מאַי אין".

דאָס ווייבל ווערט רויט איבער די אויערן.

— האָסט געזען — אַ רוסישער כוליגאַן, ער קען גאָר אידיש?

— איך כוליגאַן, דו משומד, גנב, אין ד'רערד אריין שרקה! און ער גיט איר אַ מאַך אַ רוסישן מי שברך איבער דער מאַמען...

— נישט פאַרפאַלן געוואָרן אונדזער גייסטיקע ירושה — זאָג איך אין דער שטיל צו מיין חבר — אָט האָבן מיר פאַר זיך דעם אַלטן קרעטשמער...

— פאַרפאַלן, איך דענק, אַז צום קאַפּיטאַל, איז נאָך צוגעוואַקסן אַ היבשער פּראָצענט.

אַ שייגעץ מיט אַ רעוונדיקן אויטאָ, אַריינגעשטעקט אַ רויט פענדל ביי דער זייט, איז אָנגעלאָפן און אויסגעשריען:

— „אַל רעמאַטע סעניאָרעס! ס'איז געוואָרן אַ הודעריי, די אויטאָ־מאָבילן האָבן גערירט, אַלע זיינען אוועק צום מארק־פּלאַץ.

שווייגנדיק, נישט אַרויסריידנדיק אַ וואָרט, זיינען מיר, איך מיט מיין חבר געפאָרן נאָך די אויטאָס. וואָס מיין חבר האָט געטראַכט ווייס איך נישט.

ביי מיר אין גערדאַנק איז פעסט געבליבן: איך ווער אַ סוחר, אַ „סקאָ־טינטשיק" און אפשר טאַקע ווי דער קאַווקאַזער בחור זאָגט:

— ס'וואַקסן און ס'קומען צו...

און אַזוי טראַכטנדיק זיינען מיר צום פעריע פּלאַץ צוגעריטן.

פוןביידע זייטן גרין באַגראָזטן שליאַך, פּאַזע דער אַלאַמברע, זיינען בהמות צעטיילט אין לאָטעס אויסגעשטעלט געווען. קיין אָפּגעזונדערטע קאַראַלן, איז אויף דער פעריע נישט געווען, נאָר אום דער סקאָט זאָל זיך נישט צוזאַמען מישן, איז ביי יעדער לאָטע בהמות, איינער אָדער צוויי פאַסטוכער אויף די פערד געזעסן און געהיט.

דער קאַפּאַטאַז פון דער פעריע, האָט די לאָטעס אין זיין ביכעלע נאָ־טירט און דאָס ביכעלע מיט די נאָטעס איבערגעגעבן דעם רעמאַטאַדאָר.

דער לעצטער, אַ יונגער מענטש גוט אויסגעפרעסן, איז זיך געזעסן אויף אַ שיין באַפּוצטן „אַלאַזאַן" מיט אַ זילבערנעם מושטוק אין מויל, און גע־וואָרפן אויגן אויף דעם סקאָט און אויך אויף דער מענגע מענטשן, וואָס האָבן זיך אומגעדרייט צווישן די צוויי לאַנגע שורות בהמות, ווער רייטנדיק אויף אַ פערד און ווער פאָרנדיק אויף סולקעס. צו יעדן פון זיי האָט ער גוטמוטיק געשמייכלט.

וואָס אַ מינוט מער, איז מערער עולם אָנגעפאָרן און ס'האָט אָנגעהויבן רעשן, ווי אויף אַ וועלט יאריד. אַלע מאָל האָט זיך געהערט שרייען: — גוטע קי, האַ? 120 פּעזעס וועלן גיין די קי, — זיי וועלן זיך פאַרקויפן אין 95 פּעזעס נישט מער.

— איך וועט אַ האַלב טוץ ביר!

דאָס האָבן זיך די פעריע סוחרים געוועט, זיך געזידלט און געוויצלט צווישן זיך איבער די פּרייזן, וואָס די בהמות וועלן אויף דער ליציטאַציע

שטייגן. יעדערער האָט זיין מבינות און בקיאות געוואָלט ארויסווייזן און אַלע מאָל האָט זיך געהערט שרייען:

— חיים יאַנקל! — „וועני" חיים יאַנקל!

א נידעריק אידל מיט צוויי קאַשעקעס, אָנגעפּילט מיט סעמיזשקעס, מאַניס און מאַראַנצן, איז אויף דעם רוף צוגעלאָפן און חברה האָבן שבת הויבס געקויפט, געקנאַקט און געשפּיגן אויף וואָס די וועלט שטייט.

צוויי מענטשן מיט געגאָלטע וואָנסן אָנגעטאָן אין געפּאַסטע גרוילעכע רעקלעך און שוואַרצע פּאָלאַינעס מיט רויטע ענגלישע שיך אויף די פּיס, זיינען נישט ווייט פון מיר געשטאַנען און צווישן זיך גערעדט:

— א שאָד די צייט — מיר וועלן דאָ גאָרנישט קויפן, א פּעט שטיקל איז דאָ נישטאָ.

— איך האָב עס געוואוסט — רופט זיך אָפּ דער צווייטער, אין דער קאָלאָניע „רוסאַ" איז סאַמע שלעפּערשע סוחרים. אָט קויפט ער א ווײדל, אָדער צוויי און רעשט, אז ער איז א קאָמפּראַדאָר...

עס לויפט אָן אן אויטאָ און ס'שיטן זיך אַרויס עפּעס פאַרזשמורעטע ווי פאַרחלומטע פּנימער, אייניקע מיט אויסגעריבענע און געצירעוועטע הויזן און זיי שרייען אויס:

— חיים יאַנקל, מיראַ־סאָל! און זיי קנאַקן שוין. שטעלן זיך אוועק נעבן רעמאַטאַדאָר און ליאַרמען.

— אָט איצט וועט מען שוין רעמאַטירן — זאָגט צו מיר מיין חבר, עפן די אויגן, קוק!

וואָס זשע אויף די פאַרשוינען האָט מען געוואַרט — אַזעלכע גרויסע סוחרים זיינען זיי?

מיין חבר האָט געשמייכלט — דאָס זיינען די אָן וועמען ס'קען קיין פּעריע נישט זיין...

— רייד דייטלעכער, וועלוול, איך פאַרשטיי נישט!

— פאַרשטייסט נישט? טאָ לערן זיך. דער רעמאַטאַדאָר אום צו געבן דעם האַנדל מער גלאַנץ, און אינטערעס מ'זאָל זיך קאָנקורירן, שטייגן, דינגט ער אויטאָס, שלעפּט ער אַרויס פונעם שטעטל די אַלע ליידיקגייער, די טרוקאָ שפּילער, זיי זאָלן בלומרשט קויפן, טרייבן די פּרייז און ביי א גליק־

לעבן טאָג טראַקטירט ער זיי מיט אַ געשמאַקן זויף... פון זיי נעמט ער ארויס דעם „מתחיל” — דאָס הייסט אום צו געבן די ערשטע „אָפּערטע“, וואָס קיינער פון די סוחרים, ווילן דעם ערשטן מקח קיין מאָל נישט שטעלן. דו קענסט אַזאַ איינעם זען צוריקפאָרנדיק פון דער פעריע מיט אַ פּאַק קויפּ־צעטלען, וואָס ער האָט כלומרשט אויף דעם יאריד נעקויפט, אויף שווערע אלפים, און דער בראַדיאגאַ גרויסט זיך מיט זיי, צעלייגט זיך אין אויטאָ מעשה גראף...

ס׳האָט זיך נעהערט אַ הויכע קלינגענדיקע שטימע:

— אַטענסיאָן סעניאָרעס! און מיר האָבן זיך גלייך מיט אַלע אַ לאָז געטאָן.

דער רעמאַטאַדאָר אויף זיין שיינעם אַלאַזאָן, האַלטנדיק אַ קליין זיל־בערנעם האמערל אין האנט, איז געשטאַנען ביי אַ לאָטע פון 7 קי און גע־הרשנט די געוויינלעכע הקדמה:

— די רעמאַטע איז ווי שטענדיק און תמיד, ס׳ווערט פארקויפט „אַל קאָנטאַדאָ”, פאַר מזומן...

— ווי לאַנג קרענקסטו — מורמלט אַ אידל זיך אין אַרבל אריין...

— „צוויי פון דער מאה קאָמיסיאָן פונעם קאָמפּראַדאָר און צוויי פו־נעם ווענדעדאָר—רעדט ער ווייטער און באַטאָנט יעדעס וואָרט—ווען דאָס האמערל פאַלט אראָפּ איז געשלאָסן דאָס געשעפט“.

— הויבן מיר אָן מיט אָט די זיבן קי, וואָס איר זעט פאַר זיך. פעטע קי, „מעסטיסאַ”, מילך־קי, 15 ליטער מילך גאַראַנטידאָ!...”

— פעט — שרייט אויס אַ סוחר, פעט, ווי פרעהס זיבן די לעצטע... און מילך ביי יצחקס באַראַן פון דער עקדה... דער עולם שאַלט ארויס אין אַ געלעכטער

דער רעמאַטאַדאָר ווערט בייז.

— אַטענסיאָן סעניאָרעס! — קוואַנטאַ וואַלע קאַדאַ אונאַ דע לאַס סיעטע וואַקאַס?“ קיינער ענטפערט נישט, ס׳איז שטיל, מ׳הערט מער נישט, ווי דאָס שפּייען פונעם שבת־הויבס.

אַ מילדע לאַשטשענדע מינע, ווייזט זיך אויף דעם רעמאַטאַדאָרס פּנים און אין אַ ווייכן בעטנדיקן טאָן, זאָגט ער:

— „ענטאָנסעס, נאָ וואַלע נאַדאַ?” — קוקט אייך צו וואָס איך פאַרקויף!

און ווען ער זעט, אַז מ'ענטפערט נישט, גיט ער זיך מיט כעס אַ שטעל אויף די סטרעמעניעס פונעם זאַטל, ציט זיך אויס אין דער הויך, און אַ חוצפּה־פייער פלאַמט אויף אין זיינע שלויע אויגן און ווי באַפעלעריש, גיט ער אַ געשריי אין דער הויך:

— פּרעסיאָ, סעניאָרעס?

דאָס געשריי און דער ביסטרער קוק זיינער ווירקט אויפן עולם, און עס הערט זיך אַ קול:

— סיען פּעסאָס!

דאָס שרייט אויס משה דער לאַנגער, צמאָקנדיק אַן אַפּעלסין, וואָס רינט אים איבערן באָרד.

משה, משה — גיט דער רעמאַטאַדאָר אַ לאַך אויפן קול.

דעם גויס משה, צעקלינגגט זיך איבער דער גאַנצער פעריע. די גאַו־טשאָס כאַפּן עס אויף און ס'הילכט אין דער לופט משה, כי, כי, כי, עס דונערט דער רעמאַטאַדאָר:

— „וואַמאָס אַסער אַל גוסטאָ דע משה”, סיען פּעסאָס! סיען!

פון אַלע זייטן זעט מען ווינקען מיט די אויגן, מאַכן סימנים מיט די הענט, שטופּן די פינגער ביים נאָז. און דער אויפן פערד, מיטן זילבערנעם האַמערל אין האַנט, מאַכט ווי דער חזן מיטן לולב... קיין צפון, קיין דרום, קיין מזרח און מערב און שרייט:

— סינקאָ אָקי! סעיס אַזשאַ, סיעטע אַקי!

אַ קליין דאַר אינגל מיט אַ רויט נעזל, וואָס שטייט אויף אַ סולקע אָנ־געטאָן אין ברייטע באָמבאַטשאָס, אַריינגעלאָזט אין געלע פּאַלאַינעס, שטרעקט אויס אַ ווייס הענטל צום רעמאַטאַדאָר איינבויגנדיק דאָס צייג־פינגערל אויף דער העלפט...

— אי מעדיאַ! דערפרייט זיך דער רעמאַטאַדאָר.

„סיענטאָ סינקאָ אי מעדיאַ פּאָר על סעניאָר” — ווייזט ער אָן אויפן קינד.

ס'הויבט זיך אָן דאָס שטייגן, איינער דעם צווייטן טרייבט, קאָנקורירט. דער

רעמאַטאַדאָר לאָזט אַלע מאָל אויף כלומרשט פאַלן דאָס האַמערל צום ביכע־לע זיינעם, ווי אַט, אָט שלאָגט ער צו, און ס'איז געענדיקט. אָבער ער הויבט עס צוריק אויף און וואַרפט אויגן אין אַלע זייטן, שרייענדיק: פּעראָ סעניאָ־רעס! ס'איז דאָך אַ פּאַרברעך, אַזעלכע קי אַוועקצוגעבן פאַר דעם פּרייז.

אַ קורצער אידל אומגעקערט מיטן פּנים צו דער אַלאַמברע, האַלט זיך קוים אויף די פיס פון צופיל אַריינגיסן אַפּנים. האַלטנדיק אין איין שמייסן, וויפל איינער גיט שרייט ער: — אי מעדיאָ! אָבער דער רעמאַטאַדאָר איז אַזוי טויבלעך, הערט זיך צו אים גאָרנישט צו. ער וואַרפט זיינע בליקן צו אַ פּאָר גראָבע וואַסקאָס, וואָס זיינען אויף אַן אמתן אינטערעסירט אין דער קניה.

צו לעצט קלאַפּט אָפּ דאָס האַמערל אינעם ביכעלע און ס'הערט זיך אויסשרייען:

— „סיענטאָ אי דאָסע פּעסאָס” פּאַראַ על סעניאָר, פּ.

— אַ נאָמען פון דער הפטורה — גיט זיך אַ זאָג איין אידל צום צווייטן.

— אודאי ענטפערט דער צווייטער — פינעלע שיכור, אַז ער טרייבט אין דער וועלט אַריין... ער וועט זיך האַלטן מיט דער קלאַווע.

— הער נאָר וועלוול — זאָג איך צו מיין חבר — דער גאַנצער טאַ־ראַראַם איז גאָר געווען אומזיסט! ס'איז גאָר קיין קניה נישט.

— איך האָב דאָך דיר פריער געזאָגט, אַז דעם מאַרק דאַרף מען לער־נען — ס'איז פאַראַן אַזוי פיל שווינדל, בלאָף, אונטערגעשטעלטע מענטשן אום צו טרייבן דעם פּרייז און אָפּטמאָל טרייבן זיי איבער. מ'דאַרף באַאָ־באַכטן, קענען פּעריעניקעס, אַז נישט ברעכט מען האַלדז און נאַקן, און מ'בלייבט אָן אַ העמד אויפן לייב...

איך האָב געוואָלט עפּעס איבערפרעגן, אָבער ס'איז קיין צייט נישט געווען. די מענטשן מיט די סולקעס, אויטאָס און דער עסקאַדראָן רייטער, האָט געריררט און זיך געשטופּט אין פּאָראויס צו דער צווייטער לאָטע סקאָט און די שטימע פונעם רעמאַטאַדאָר האָט ווידער אַמאָל גערופן:

— אַטענסיאָן סעניאָרעס! קוואַנטאָ וואַלע?

ס'האָט זיך ווידערהאָלט די זעלבע סצענע, מיט די זעלבע שטיק.

אַמאָל איז די שטימע געווען אַ בייזע, שטרענג און באַפעלעריש און אַמאָל אַ בעטנדיקע, אַ חניפהשע און נאָך אַמאָל אַ איראָנישע:

— וואָס פאר אַ קאָמפּראַדאָרעס זיינט איר? אין רעזידענץ ברענט פלאם פייער, די ענגלישע ליברע פלייש צאָלט זיך 38 סענטאַוואָס, און איר, סעניאָרעס שלאָפט, גענעצט? — קויפט, ס׳איז רייך צו ווערן אַ גליק, „פּאַ־לאברא דע האָנאָר!״

דער עולם האָט זיך דערוואָרעמט און די רעמאַטע האָט זיך צעהיצט. דאָס האַמערל האָט צוגעקלאַפּט און ס׳איז פאַרקויפט געוואָרן — צו נישט פאַרקויפט — איין לאָטע נאָך דער צווייטער.

די זון אויבן האָט ווי מיט פייער נעגליט. די מענטשן מיט די בהמות זיינען אַלע מיט אַ געלן דינינקן שטויב באַשאָטן געוואָרן, די היץ האָט די צינגער פאַרטרוקנט און מ׳האָט זיך איבערן לאַנגן שליאַך געשלעפּט.

פּלוצים אַ געלאַף און ס׳הערט זיך קולות: אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין, דו גנב! און פּעטש הילכן אָפּ אין דער לופט.

דאָס היזיקע שומפּוואָרט, — אויף גאָטס זון מיט זיין מאַמע דער בתולה, — קלינגט אין דער הויך...

מיר לויפן צו.

אַ פּעטאַידל מיט אַן ארויסגעסטאַרטשעטן בויך, אַ רויט פּנים, ווי אַן אָפּגעשיילטער בוראַק שרייט מיט אַ פאַנפעוואַטע קול:

— אזא סינווערגוענסאַ! — איך שטעל אים דעפּענדירן מיינע אַ לאָטע נאַוויזשיקלעך און זאָג אים: די פּרייז ביז הונדערט דרייסיק פּעזעס, גייען זיי צו ביז 113, נעמט ער און גייט אַוועק און זיי ווערן פאַרקויפט.

דער צווייטער, אַ הויכער מיט קאַפּראַווע אויגן און אַ קרומען נאָז, טענהט:

— עמיצער איז אים שולדיק, אַז ער איז אַ פאַנפאַטש; אַז דרייסיק און דרייצן זיינען ביי אים גלייך אין נאָז...

— איך האָב געדענקט, אַז ער מיינט 113 פּעזעס, אַזעלכע פּגירות האָבן דען מערער די ווערט?

— אַ כאָליערע אויף דיר גנב — דו האָסט עס אומיסטנע געטאָן, דו ווייסט, אַז זיי קאָסטן מיך אַליין 138 אויף דער פּעריע. איך האָב שוין גע־

וואָלט אָנווערן אכט פּעזאָס אין א שטיק, אָבער נישט קיין 25. אזא מכה אויף דיר ווי דו ביזט א שותף מיט גענדזעלע ממזר. האָסט אים צוגעלאָזט דעם סקאָט!

דער רעמאַטאַדאָר לויפט צו, נעמט אוועק דאָס פּעטע אידל, וואָס האַלט זיך נעבעך ביים בויך, רוימט אים עפּעס איין אין אויער און בעט דעם עולם צוריקצוגיין צום יאַריד.

און אום צוצוציען די אויפמערקזאַמקייט פונעם פּובליקום צום געשעפט, מ'זאָל פאַרגעסן דאָס געשלעג און אַטענדירן די פּעריע, רופט דער קאַפּאַטאַז דעם עולם צו א פּלאַץ, וואו א שוואַרצער שייגעץ האַלט אויף א שטאַרקן באָסאַל, א בלוט־רויטן בוהאַי מיט א געגילדעטן רינג אין דער נאָז.

דער רעמאַטאַדאָר שרייט:

— אָכאָ סעניאָרעס! קוקט!

און ער נעמט זיך אויסרעכענען דעם יחוס אבות פון דעם בוהאַי... זיין פאָטער איז אַן אימפּאָרטירטער פון איראָפּע געווען, האָט א פּרעמיע אויף דער אויסשטעלונג באַקומען.

דער עולם שטופּט זיך קאָפּ אויף קאָפּ, אָנצוקוקן דעם מיוחסדיקן יונגנמאַן...

דער רעמאַטאַדאָר הויבט אָן שיטן מיט מיאוסע וויצן אויפן חשבון פון דעם בוהאַי, אויסלויבנדיק אים וואָס פאַר א זכר ער איז... פון וואָס דער עולם באַלעקט זיך...

— דע לע וואַוילטאַ מוטשאַטשאָ — גיט ער א קאָמאַנדעווע און פינטלט צו שעלמיש צום שוואַרצן.

דער שייגעץ פאַרשטייט שוין דעם וואונק און דרייט אויס דעם בוהאַי מיטן הינטן צום עולם און אליין לייגט ער זיין האָריקע האַנט צווישן דעם בוהאַים פּיס און דער המון פאַרהילכט די לופט מיט בראַוואָ־פּאַטשעריי.

א גוואַלדיקער עקל האָט מיך אָנגעגריפן. איך האָב אויסגעשפּיגן און בין מיר אוועק אָן א זייט, זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַן אַלאַמבערע־סלופּ און געקוקט אויף דער כאַליאַסטרע.

— יונגערמאַן, א מאַראַנץ — הער איך א קול הינטער מיר.

— קויפט אַ מאראַנץ, נעצט אָפּ דעם גומען.

— איר, ר' חיים יאַנקל — גיב איך אַ זאָג, און נעם ביי אים צו די פּרוכט.

— איך הייס נישט חיים יאַנקל — שמייכלט צו מיר דער איד — איך הייס הערצל, נאָר די שפּילערס האָבן מיך מיט חיים יאַנקל געקרוינט...

איך האָב דעם אידן באַטראַכט. אַ מיטעלער אין געוואוקס, אָנגעטאָן אין אַ בגד, וואָס האָט שוין לאַנג באדאַרפט ליגן אויפן מיסט. אַ ים מיט צרות האָט זיך אויף זיין פּנים געלעזן און דאָך האָט עפּעס, ווי אַ פריילעכער הומאָר פון זיינע אויגן אַרויסגעשיינט.

— איר באַטראַכט מיך? —איר זיינט אַ פרעמדער?

נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, רעדט ער ווייטער:

— איר זיינט נישט קיין סקאָטינטשיק — איר מוזט זיין אַ מאַלער — איך האָב געזען ווי איר האָט אויף די קאָרטן שפּילער געקוקט, אַ מאַלער אָדער אַ שרייבער — וואָס זיינט איר?

איך האָב זיך צעלאַכט.

— ווער זאָגט עס אייך ר' הערץ? פאַרוואָס זאָל איך נישט זיין אַ סוחר פון פּי?

דער איד דרייט מיטן קאָפּ אויף ניין. אייער פּנים, אייער אויסזען מסורט, אַז איר זיינט נישט פון דעם „מין".

דער איד גיט אַ דריי אויס זיין פּנים צו מיר און אַ טיפער ווייטאָט איבערגעשניטן זיין געזיכט. עס האָט אָבער מער נישט געדויערט, ווי אַן אויגן־בליק און גלייך האָט אַ פריילעכקייט אַ גלאַנץ געטאָן אין זיינע אויגן.

— האַ! — איך האָב געטראָפן — איר זיינט אַ שרייבער! טאָ נעמט און פאַרצייכנט:

אַן עקס קאָלאָניסט פון יק"א, אַ צעטרעטענע פילאַנטראָפּישע אָפּעל־סין... אַ חיים יאַנקל.

איך ווייס נישט ווי אַזוי איך האָב זיך צוגעשלעפּט צו מיין פערד, דאָס פּנים פון דעם אידן, זיינע לעצטע ווערטער, האָבן מיך דערשלאָגן. איך האָב זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן זאָטל און געטראָגן, ווי אַ רוח אַ מלמד, כ'בין אַוועק ווייט, ווייט פון דעם פּלאַץ.

# א נסיעה

עס איז געווען א זשארע אויף טאָג, ווען איך בין אריין אין דער באַן, וואָס גייט קיין מירא־פּאַמפּאַ. אין וואַגאָן זיינען גאָר ווייניק פּאַסאַזשירן געווען. צוויי האַלב פאַרשלאָפענע פּרויען, ווייזט אויס אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער, ביידע מיט געקרויזטע קוטשמעס האָר אויפן קאָפּ, מיט רויט געפאַרבטע נעגל און באַקן; די קונסט פון דעם שטעטלשן פּריזירער, אַזוי פאַרטאַטשנע געמאַכט, אַז ס'האָט געשלאָגן צום האַרץ. אין ווינקל וואַגאָן איז געשטאַנען אן עלטערער גרויליכער מענטש נעבן אַ וואַליזקע, האָט זיך געבונדן דעם קראַוואַט אַרום דעם האַלדז, אויסגעריבן די שלאָפלאָזע אויגן, געקוקט אין שפּיגל און געשמייכלט. זיך געקליבן אַפּנים אַראָפּצוגיין אויף דער נעקסטער סטאַנציע. כ'האָב אַ שאָקל געטאָן צו זיי מיטן קאָפּ, אויפגעעפנט אַ פענסטער און זיך אַוועקגעזעצט.

דער קורצינקער סטאַנציע שעף פון „הירש", האָט אַ צי געטאָן דעם סיגנאַל, ס'האָט אויסגעקלונגען איינס, צוויי, דריי. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אויסגעשפּיגן אַ וואָלקן מיט הייסע פּאַרע, האָט אַ שרעקלעכן רעווע געטאָן און דער צוג האָט גערירט. לאַנגזאַם, גאָרנישט געאײַלט, גייט זיך זיין וועג דער פּראָווינציעלער באַן. ער יאָגט נישט אַזוי ווי דער מערב־באַן, וואָס געהער צו די אייראָפּעער. דער איז אַ קינד פון זיין טאַטן, אַ היזיקער, אַ גאַוטש, ער גייט זיך טריט ביי טריט. דו קענסט דיר דורכן פענסטער אָנזען און גוט באַטראַכטן די גאַנצע שטרעקע, וואָס דו מאַכסט דורך.

בין איך מיר ביים אָפענעם פענסטער געזעסן, געשלונגען אין זיך די

פרישע מאָרגן־לופט, געקוקט אַהין צום האָריזאָנט, וואו עס ווערט געבוירן דער טאָג, געשפּירט דאָס לינדע שטילינקע פּאמפּא ווינטל, וואָס טראָגט זיך אָן.

איך האָב זיך אומגעקערט, געזען ווי דער טאָג לאָזט זיך אזוי בנימעות־דיק אראָפּ איבער די גראָזן, וואָס דרימלען נאָך אונטערן באנאכטיקן טוי־דעק, גלעט זיי איבער די קעפּלעך און וועקט פונעם שלאָף אַלע פעלד ברואימ־לעך, די שרצימלעך, די פייגעלעך וואָס נעכטיקן צווישן זיי.

איך שטרענג אָן מיין פעלד־אויער און הער וואָס ער זאָגט: — שטייט אויף קינדער, דערוואַכט פון אייער שלאָף, אָט קומט אייער גאָט, די ליכ־טיקע זון, וואָס ברענגט אייך לעבן. שטעלט אייך אויס פּאמפּאַ קינדער, הויבט אויף אייערע שטימעלעך און זינגט דאָס מאָרגן־ליד! און זיי האָבן געפאָלגט: וואו אַ פייגעלע, וואו אַ שרצל פונעם קלענסטן ביזן גרעסטן פעלד בריה׳לע, דער ווילדער הירש, דער שטאַרקער בואהיי, אַלע האָבן דערוואכט האָבן זיך גענומען פוצן, פּרובירן זייערע זינג־שטימעס אנט־קעגן דער ליכטיקער זון, וואָס האָט געשטעקט איר גינגאָלדענעם קאָפּ פון הינטער אַ זאמד־בארג, וואָס אין מזרח און דאָס גאנצע פעלד, איז אָנגע־פילט געוואָרן מיט שירה...

אוי זינגען זיי שיין!

— איר לאַכט? איר זאָלט חלילה נישט ברוגז זיין אויף מיר, מיינע חברים שרייבער, פּאָעטן פון שטאָט, וואָס איך גיב אייך אָלס חברים לי־דער זינגער, די פייגעלעך, שרצימלעך פון דער פּאמפּאַ — איך וויל חלילה נישט באַליידיקן, אָפּשפּאָטן פון אייער פּאָעזיע. אלע מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל באַטראַכט די זון אויפגאַנג און איר שקיעה אין דער פּאמפּאַ, וועלן אייך דערציילן פון פרייד, ליכטיקייט און שיינקייט, וואָס צעגיסט זיך אויפן גאַנצן אַרום, אויף אַלע ברואימלעך, שרצימלעך. ס׳הערט זיך ממש קלאָר און דייטלעך די שירה פון די גראָזן און פון די אַלע ברואים וואָס געפינען זיך צווישן זיי.

— יאָ פריינט, זיי זינגען שיין, איך האָב זייער זינגען געהערט און ס׳איז מיר געוועזן אזוי גוט, אַז איך האָב אין מיין טרויער ווי פאַרגעסן.

די באַן האָט זיך געשלעפּט, איז אַרויף אויפן אָנגעשאָטענעם וועג,

וואָס ציט זיך איבער דער אָזשערע און האָט אויס מורא פאַרן צעווייקטן באָדן פון די אָפטע היי־יאָריקע רעגנס, פאַרלאַנגזאַמט דעם גאַנג.

מיר, פּאַסאַזשירן, זיינען אַראָפּ פון וואַגאָן, צופוס נאָכגעגאַנגען. איך האָב זיי פון מיינע זכרונות דערציילט: ווי צוריק מיט אכט און דרייסיק יאָר, האָב איך מיט אַ שוואַרצן, מיין באַגלייטער, וואָס האָט מיך געפירט צווישן ווילדע, אביסל פּי צו קויפן, רייטנדיק אָט אָ־דאָ די לאַגונאַ דורכגעקרייצט.

גאַנצע סטאַדעס מיט „גואַנאַקעס" מיט די לאַנגע העלדזער, שטרויס־פויגל, הירשן, האָבן מיר באַ דער לאַגונא געטראָפן. די „גואַנאַקעס" ווען זיי האָבן אונדז דערבליקט, האָבן זיי אָנגעהויבן שפּייען און געשטעלט פּיס.

די גאַנצע געגנט, וואָס די פּראָווינץ באַן גייט איצט דורך, איז געווען פאַרנומען מיט ווילדעניש, ווילדע גראָזן, ווילדע מענטשן, פאַרוואַקסן מיט לאַנגע שוואַרצע בערד, טשופּרינעס ביז איבער די אַקסל, מיט לאַנגע מעסערס אין גאַרטל, האָבן זיך אומגעדרייט צווישן די טויזנטער שאָף, צינן און רינדער, וואָס האָבן קיין מאָל נישט געוואוסט זייער צאָל.

אין ליימענע הייזלעך, געדעקט מיט פעל פון פערד האָבן זיי אויף אַ גרויסן מרחק איינס פון ס'אַנדערע געוואוינט. אַ פּאָר טוץ נאַקעטע קינדער האָבן זיך ביי יעדער ראַנטשעלע געוואַלגערט. די איינוואוינער האָבן זיך געפּאָרט פּונקט ווי די בהמות, וואָס זיי האָבן געפּאַשעט... ביי יעדער ראַנטשע האָט אַ פייער געררויכערט, אַ קי מיט דער פעל האָט זיך געבראָטן און יעדער פון דער משפחה האָט געשניטן שטיקער פלייש און זיך באַלעקט פון דעם מאכל. פון קיין ברויט האָבן זיי נישט געוואוסט און אויך מיך מיט מיין באַגלייטער מכבד געווען מיט אַ שטיק פון דער „אטאדאָ קאָן קוערא". זיי די ווילדע האָבן דאַן די גאַנצע געגנט באַהערשט. היינט שטייען סטאַנציעס, ס'פּייפט אַ באַן און פעלדער מיט פאַרטיקע תבואות, שיינע ווירטשאַפטן מיט שיינע גרינע וועלדלעך שיינען פאַרן אויג.

— סטאַנציע מירא־פּאַמפּאַ! — האָט דער קאָנדוקטאָר אויסגערופן.

מיר האָבן אַלע אָפּגעשטיגן, ווייל ווייטער גייט שוין נישט מער די באַן. איניקע קאַמיאָנען, אויטאָס, וואָס פירן ווייט, ווייט אין די פּאַמפּאַס

ביז אין די וועלדער פון טואיי, האָבן אונדז אַרויפגענומען און אַזוי בין איך אין די קאָלאָניעס געקומען.

פונקט צו דער קאָסעטשע בין איך אָנגעקומען קיין „מעטילעא", ווען פרייליך זינגען די שניידמאַשינען אין פעלד. אין דער סטאַנציע מעטילעא איז די קאָסעטשע זייער אַ מזלדיקע געקומען, די קאָס'עטשאַדאָרעס, וואָס שניידן זאנגען און וואַרפן פאַרטיקע זעק מיט תבואה, אַרבעטן איבער די כוחות. מערער פון פיר הונדערט זעק גערשטן, ווייץ, לאָזט אַ מאַשין פון זיך אַרויס דעם טאָג — דאָס גאַנצע פעלד ווערט באַדעקט מיט זעק ברויט. די ברכה איז זייער גרויס געווען, דרייסיק זעק ווייץ, 40 זעק גערשטן פון העקטאַר. אין לאַנגע שורות, ווי די סאָלדאַטן שטייען זיי, די זעק. זיי מוזן שטיין אַ פּאָר טעג צום טריקענען און שרייען שטומערהייט: זעט די ברכה פון דער ערד! קוקט, וואָס די רעגנס האָבן דער פּאַמפּאַ היי־יאָר געבראַכט! טאַקע בלויז נאָר אין דער פּאַמפּאַ איז אַזאַ גערעטעניש געקומען. די פּאַמפּאַ קינדער האָבן געקראָגן באַצאָלט מיט פּראָצענט פאַר די פריערדיקע הונגער יאָרן, זיי קענען שוין שפּייזן דאָס גאַנצע לאַנד מיט זייער היי־יאָריקן ברויט.

פרייליך, זינגענדיק שטייען זיי אויף דער מאַשין, די צוגעברוינט קרעפּטיקע פעלד־קינדער. אָנגעטאָן אין נייע ברייטע געקעסטלטע באָמ־באַטשעס, אינעם שטרויענעם ברייטראַנדיקן הוט, געשטרייפטע אַלפּאַר־גאַטלעך אויף די פיס, האַלט ער דער בחור אַ נייע געפלאָכטענע בייטש אין האַנט, און ווי אַ געניטער קאַפּעלמייסטער דיריזשירט ער די צוועלף „זינגערס" זיינע, מיט די 48 גראָבע האָריקע פיס, געקליידעטע אין נייע קעפּלעך און כאָמעטן. זיי האַלטן די קעפּ אין דער הויך, גייען גלייך נאָך די „נאָטן" נאָך, וואָס דער בחור ווייזט זיי מיטן דיריזשיר־שטעקעלע־בייטש איבער זייער רוקן און די אַרבעט גייט זיך מיט אַ מוסטער און סדר, אַז ס'דערקוויקט דאָס האַרץ.

פון באַרג אין טאָל, וואו דו הויבסט די אויגן, זעסטו פאַר דיר די ברכה — די מאַמע ערד בענטשט אירע קינדער, וואָס האָבן זי ליב.

שטייען לאַנגע מיט גרינע מאַיס און זון רויזן, אַז ס'פאַרגרינט דאָס

אויג. די פעלדער, וואס ווערן אפגעליידיקט פון דער ווייסער תבואה, ווערן אויף מארגן שוין איבערגעאקערט און פארזייט מיטן געלן מאיס.

איך גיי נאך די שניטער, הער זינגען זייער שניט־ליד און קלייב נחת. איך האב אבער אביסל פארדרוס אויך, א טראכט טוענדיק פון אונדזערע אידישע קינדער.

וואו זיינען זיי?

זייער ווייניק באגעגן איך זיי נעבן מיר דא אין פעלד, נאר זאל זיין אזוי. ס'איז פארט זיס און שיין, איך וועל עס ארויפכאפן אויף פאפיר. זאלן די, וואס האבן קיין קאסטעטשע קיינמאל נישט געזען און זיי ווייסן אפילו נישט פון וואנען, ווי אזוי ס'שאפט זיך דאס ברויט, וואס זיי קייען אזוי געשמאק יעדן טאג, — זאלן זיי זיך פרייען מיט גאטס ברכה, גלייך מיט מיר.

# די מיידלעך פון טאָל

אין סוף חודש סעפּטעמבער, נאָך א שווערן ארבעטסלאָן ווינטער, ווען מיין קעשענע זייגערל איז שוין לאַנג אין לאָמבארד געלעגן, האָב איך די עצה פון מיין באקאַנטן רפאל און עקס קאָלאָניסט, וואָס האָט אויך א לידיקן מאָגן אין זיך געטראָגן — האָב איך זיין עצה געפאָלגט: — אוועקטראָגן דעם ווינטער פּאלטאָ אהין, פאַר דעם געקויפט א בילעט און צוזאַמען מיטן חבר, זיינען מיר אוועק אין דאָרף, אויפן אדרעס פונעם עקס קאָלאָניסט.

דער טאָג איז א שיינער, א ליכטיקער געוועזן, די פענסטער פון וואַגאָן זיינען אָפן געשטאַנען און די „פּרימאַווערא", דער ארגענטינער מאַי האָט פון די פעלדער אריינגעשמעקט. די גרויסע רייכע נאַטור, די ברייטע שטחים פעלה, וואָס האָבן א גאַנצן ווינטער ווי געדרימלט, זיך באהאַלטן פאַר דער קעלט, האָבן איצט מיטן אָנקומען פון דעם פרילינג דערוואַכט און האָבן זיך צעשמייכלט אין דער גאַנצער לענג און ברייט.

די אכט שעה פאָרן מיט דער באַן, זיינען מיר ביידע, איך מיט מיין חבר ביים וואַגאָן פענסטער געשטאַנען, אויסווענטילירט די לונגען פון דעם ענגן שטאָטיין בוידעם־צימערל. געשלונגען אין זיך די פרישע, געזונטע פעלד־לופט, אָנגעזעטיקט די אויגן מיט דער שיינער נאַטור. מיין חבר וואָס האָט אמאָל ליב געהאַט א זינדיק צו טאָן מיט דער פען און האָט שוין געהאַט פאַרשריבן א היבש ביסל פּאַפּיר, האָט מיר אויף דער ערד געוויזן:

— זע נאָר, אידעלע שפּראָצונגען, דינינקע, שוואכינקע שטענגלעך — ווי זיי שפּאַרן זיך מיטן גאַנצן כח פון אונטער דער ערד.

— זע נאָר די קליינע קעפּלעך, כ'רוקט זיך אפיר פון דער שווארצער דעק — זע נאָר זייער פרייליכקייט, ווי זיי שטופּן, ווי זיי לאַכן, ס'טוט זיי אַפּנים הנאה, וואָס זיי האָבן זוכה געווען ארויסצוגיין אויף דער ליכט, און אָנקוקן דעם בוראס שיינע וועלט.

איך האָב אים אַריינגעלאַכט אין פּנים אַריין און געזאָגט: אַ דאַנק דעם עקס קאָלאָניסט פאר דער עצה, זיינען מיר שוין באַלד, באַלד אויף אידישער ערד.

דער קאָנדוקטאָר האָט אויסגערופן סטאַנציע „ד.“ און מיר זיינען אראָפּ פון באַן. קיין שווערן באַגאַזש האָבן מיר מיט זיך נישט געהאַט און קיין איבעריק געלט אויף צו באַצאָלן פאר א פורל אום צוצופאָרן די 18 קילאָמעטער אודאי און אודאי נישט, האָבן מיר גענומען די פיס אין די הענט אריין און געשפּאַנט.

גרינע ווינטלעך, ווארעמע פרישינקע האָבן געגלעט דאָס פּנים, האָבן זיך געדראַפּעט, זיך געהוידעט אין ליידיקן חלל צווישן הימל און ערד. מחנות פייגעלעך האָבן געספּווישצערט, געזונגען, אין א האלבן צירקל זיך אלע מאָל אַ לאָז געטאָן פאַרן פּנים און זיינען דורך צווישן אונדזערע פיס.

הו הערכט — זאָגט מיר מיין חבר — הו פאַרשטייסט וואָס זיי, די פייגעלעך זאָגן אונדז?

— וואָס אַ שטייגער זאָגן זיי? — אַז זיי ווילן עסן אזוי ווי מיר?

— הו! מער ווי דעם חומר ווייסט נישט! הויב אויף די אויגן — קוק! זע נאָר די אינכּופּיקע בלויע לויטערע שיסל, וואָס איבער אונדזער קאָפּ. זע נאָר, ווי דורכזיכטיק גלאָזיק זי איז, מ'קען דאָך דורכקוקן ביז צו גאָט.

— נאַ קוק, ווער זשע לאָזט דיך נישט?

אַ שטורקע אין דער זייט מיט אַ בייזן אויסרוף: עם האָרץ! קוק! זע, דאָרט די קליינע ווייסע וואָלקנדלעך, ווי זיי לויפן, בלאָנדזשען דאָרט ביים זוים פון דער שיסל — אָט, אָט פאלן זיי אריין אין תהום פון האָריזאָנט.

איך האָב זיך שוין געוואָלט צעלאכן, ווען א גאוטשאַ פייף פון די וואָס טרייבן בהמות, האָט פּלוצלינג אָפּגעהילכט אין די אויערן און האָט איבערגעשלאָגן זיין פּאָעטישע נארישע ווזיע מיט מיין אפשר אומ־בארעכטיקטן לאַך.

פון דער זייט פון אַ בערגל אַראָפּ האָבן זיך צוויי רייטערס אויף פערד געזען און פאַר זיי אַ טשערעדע ווייסע שאָף, וואָס האָבן זיך געצויגן ווי אַ ווייסער טייך. שטראָמענווייז זיך געקאַטשעט פון אויבן אַראָפּ. ווען זיי זיינען נענטער געקומען האָבן מיר דערזען, ווי נאָך די שאָף האָבן זיך געצויגן קי מיט פּיצינקעלעך קעלבעלעך און אַ פּאָר פוסגייער, פירנדיק די געזאַטלטע פערד אין האַנט הינטער זיך. איינער גאָר אַן אַלטער גאַוטש, אַ הויכער מיט אַ ווייסער באָרד און פייער רויטע אויגן, ער איז זיך געגאַנגען אין אַ רויטער טשיריפּאַ און אַ רויט טיכל ביים האַלדז שטאָלץ, ווי אַ קעניג. די רעוועןקע אונטערן אָרעם, און האָט פּאַמעלעך געוויקלט מיט די ברוינע פינגער אַ שטיקל קוקורוזע לישפּע מיט שוואַרצן טאַבאַק, וואָס ער האָט פון אַ לעדערנעם בייטעלע געמאַכט פון „אַ נוטריע”-פּעלכל געשלעפּט. האָט פאַרויכערט, צוזינגענדיק דערביי אין דער שטיל דאָס אַרגענטינער עצבות־ניגונדל — פון זיינע פּאַמפּאַ־זכרונות, פון זיינע אמאָליקע טשיניטאָס.

אונטערן בערגל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, די רייטערס האָבן אויסגעזאָטלט די פערד און די בהמות געלאָזט פּאַשען. דאָס גראָז גרין, פריש און ווייך האָט אַפּנים די בהמות שטאַרק געשמעקט, זיי האָבן געדרייט מיט די עקן. איניקע האָבן די ווידלען אויפן רוקן אויבן אין אַ בייגל פאַרלייגט, האָבן געפרעסן דאָס זאַנפטע גראָז, אַרויסגעלאָזט אַלעמאָל אומבאַשטימטע קולות פון גרויס פאַרגעניגן וועגן אַפּנים. אַ פייער האָט שוין געברענט און אַ יונג שעפּעלע מיט אַ ווייס פעט פליישל האָט זיך שוין געבראָטן דאַרויף. דאָס שמאַלץ פונעם פליישל האָט געקאַפּעט אויפן פייער, זיך געבלעזלט, געזיפּעט, געסיטשעט, אַז ס'האָט זיך געדאַכט ווי דאָס שעפּעלע קרעכצט, אַ טשייניקל האָט געזאָטן און דאָס וואַרעמע מאַטע טעפּעלע איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט.

מיר זיינען צוגעקומען: — „בוענאָס דיאַס סעניאָרעס!”

דער אַלטער מיט דער ווייסער באָרד האָט אַ גלעט געטאָן די רויטע טשיריפּאַ אויף זיינע קני, האָט ווי אַ שמייכל געטאָן און ווייך אַ זאָג געטאָן: — אַפּנים איר האָט נאָך היינט גאָרנישט געגעסן, „איכאָס מיאָס”.

קינדער מיינע — ס'איז שוין מיטיק־צייט און ארויסשלעפנדיק א בלאנקן מעסער פון גארטל, מיר אים דערלאנגט:

— נעם שנייד א פאסיקל פון דעם „אסאדא״ — עס, טרינק!

מיר האבן זיך מיט די אויגן איבערגעקוקט, געדאנקט און זיך גענומען מיט חשק אויספירן דעם אלטנס באפעל. דער זקן האט מיט אונדז פאר־פירט א שמועס. געהערט, אז מיר קומען פון דער הויפטשטאט, האט ער געבעטן אים דערציילן פון דער שטאט, וואס ער האט נאך קיינמאל אויף זיין לעבן נישט געזען.

— אכט און זיבעציק „פרימאווועראס״ האב איך שוין געזען — קלאגט זיך דער אלטער — און די שטאט, דער גלאנץ פון אונדזער לאנד נאך נישט געזען.

מיין חבר וואס האט גוט געקענט די גאוטשא שפראך, האט אים גענומען דערציילן אויף זיין לשון און אים אויסגערעדט: אז ס'איז נישטא נאך וואס צו בענקען נאך דער שטאט — ווייל דארטן איז גארנישט מיט גארנישט — דארט וואקסט נישט קיין ברויט, נישט קיין „אסאדא״, נישט קיין זשערבע, נישט קיין צוקער. לײדיקגייער, מענטשן וואס ווילן נישט ארבעטן האבן זיך צענויפגעקוועטשט אין ענגשאפט, ליגן איינס אויפס ס'אנדערע, כאפן אוים די שפייעכץ־לופט פון יענעמס מויל, נארן, באשווינ־דלען זיך און... די וואנצן און די „קוקאראטשעס״ עסן זיי אויף לעבע־דיקערהייד.

דער אלטער האט דאס דערהערט, האט ער אים, מיין חבר, מיט ליב־שאפט ארומגענומען און מיט באגייסטערונג אויסגערופן: „פאר דיאס, עס סיערטא״! מיין אמיגא דער „פינאדא״, סאמועל פלעג דאס זעלבע זאגן און ווי ער האט געבעטן זיינע דריי זין ,אז זאלן קיינמאל נישט פארלאזן דאס פעלד, וואס ער לאזט זיי איבער ירושה.

— אבער, גיט ער א טרייסל מיט זיין ווייסער גריווע האר און א טרער בלישצעט אין זיין אויג — זיי האבן דעם הערלעכן טאטנס צוואה נישט געפאלגט — ראפאל און סאלאמאן האבן זייער חלק ירושה גלייך פארקויפט און ארויסגעצויגן זיך אין שטאט. איין בענכאמין, דארט אין טאל, דער איז געבליבן:

וואָס פאַר אַ מענטש, וואָס פאַר אַ גליק, וואָס פאַר אַ מיידלעך ער האָט. מיר האָבן זיך ווידער אַמאָל מיט די בליקן איבערגעוואָרפן, דערהערנדיק ווי ער דערמאָנט אונדזער באַקאַנטן עקס קאָלאָניסט רפאל. דער אַלטער האָט דעם נאָמען פון אונדזער פריינט, דעם עקס קאָלאָניסט מיט אַ שפּיי אויף דער ערד פאַרענדיקט.

מיר האָבן זיך אָנגעגעסן, אָנגעזופּט מיט ביטערע מאַטע, זיך נאָכגע־פרעגט ריכטיק דעם וועג צו דער באַכאַ און אָנגעדראַנקט די פּאָסטוכער און זיך געלאָזט אין וועג.

מיט דער לענג פון אַן „האַראַזשע" טייכל, וואָס גיסט זיך אַריין ערגעץ אין דער פּאַראַנאַ זיינען מיר געגאַנגען. דער אַדרעס פון די פּאָס־טוכער האָט געלויטעט: אַ קליין צעפּלאָנטערט וועלדל, נישט ווייט פון דער „האַראָזשאָ" און פון יענער זייט וועלדל די סטאַנציע „לאָס וויסקאַ־טשעס" מיט אירע נישט קולטיווירטע פעלדער, הויכע גראָזן און פיל שטרויס פויגל. דאָרט פאַרקרימט זיך אַ שמאָלע, ענגע שטעזשקע, וואָס וועט אייך אַרויספירן אויפן ברייטן שליאַך, וואָס פירט אין דער קאָלאָ־ניע „כודיאָ" — און פון דאָרט אַ פּאָר קילאָמעטער איז די באַכאַ. מיר האָבן ריכטיק געפאָלגט און אין אַ שעה בראָזשען אין די הויכע גראָזן, זיינען מיר אַרויסגעקומען אויף אַ טערעפּלען, באַוואַקסן מיט שיינע פּאַראַאיס בוימער איןביידע זייטן און די אידישע קאָלאָניע האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט.

די פּריש אויפגעאַקערטע אידישע קאָלאָניסטישע פעלדער, איינגע־וויקלט אין סאַמעט — וויכן גראָז, האָבן געגרינט און געגלאַנצט, גע־שמעקט, אַז ס'האָט דערקוויקט דאָס האַרץ. מיין חבר, ווי די מיידלעך האָבן אים גערופן „פּאָעט", ער איז גאָר פון די כלים אַרויס און זיך אין די ווייכע גראָזן אַריינגעוואָרפן, זיך צעהירזשעט ווי אַן אייזל, זיך געקאַ־טשעט ווי אַ לאָשיק און געדריגעט מיט די פיס אין דער הויך.

— טשע, וואָס איז דיר? דער „אַסאַדאָ" האָט זיך אין דיר צעשפּילט?

— מאָגן פרייד, וואָס?

— און אַז מאָגן־פרייד איז ביי דיר גאָרנישט?

נאָר וואָס אָנגעקומען אין פעלד, באַגעגנט אַ ווילדן פּרימיטיוון

מענטשן: נאָ נעם עס, טרינק אמיגאָ!.. און אין שטאָט זאָלסט אפילו דריי טעג ארומגיין מיט געשוואָלענע קישקעס פון הונגער, זאָלסט אריינגיין אין די רעסטאָראַנען, קאַפּעען, שענקען וואו מ'פרעסט און מ'זויפט — אַז דו האָסט נישט די מטבע איז קראַפּיר! ער דריגעט מיט די פיס און צעזינגט זיך אויף זיין שיינער פּאַטעטישער שטימע:

געבענטשט איז דאָס פעלד,
מ'זאָרגט נישט פאַר קיין געלט.
ארבעטן בייטאָג, שלאָפן ביינאַכט,
עסן צו זאַט מיט אַ ריינער נשמה,
לעבן זיך רואיק מיט אַ זיסער נחמה.

— טשע „בורא", דאָס איז איינענע קאָמפּאָזיציע? דאָס שייניקע לידל האָסטו אין דער רגע פאַרפאַסט? קום אייזל לאָמיר גיין, ס'איז שוין נישט ווייט די קאָלאָניע.

נידעריקע, שיין אָפּגעקאַלעכטע ראַנטשאָס, געדעקט מיט טשערעט און אַ פּאָר הייזער מיט רויטע צינקענע דעכער, ווייזט אויס קהלשע בנינים, זיינען אונדז ווי אַ קעגן געגאַנגען. אַ פּאָר קינדער, אַ אינגל מיט אַ מיידל אָנגעטאָן אין ווייסע כאַלאַטלעך, רייטנדיק ביידע אויף איין ני־דעריק שוואַרץ פערדל, באַהאַנגען מיט די שול „קאַרטעראַס" אין די זייטן, האָבן זיך צעשמייכלט, ווען זיי האָבן אונדז אויפן וועג דערזען און אַ בוענאָס טאַרדעס אונדז אויסגעזונגען.

— איר זיינט אידישע קינדער — פרעגט זיי מיין חבר?

די קינדער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און דאָס מיידעלע, אַ בלאָנדינקע מיט קלוגע בלויע אויגעלעך האָט אָפּגעענטפערט: — וואָס דען זיינען מיר גוים?

— פון וואַנען זאָלן מיר וויסן אַז איר זיינט אידן — אַז איר זאָגט בוענאס טאַרדעס.

— וואָס דען זאָלן מיר זאָגן? בייטאָג זאָגט מען בוענאָס טאַרדעס.

— בוענאָס טאַרדעס איז שפּאַניש, און אויף אידיש לשון ווי אַזוי זאָגט מען?

— אַ אידיש קינד דאַרף ריידן אידיש.

דאָס מיידעלע האָט זיך פאַרשעמט, אין דער שטיל אַ זאָג געטאָן דעם ברודערל, וואָס איז געזעסן אויפן פערדל פאַר איר: זאָג דו זיי פעדראָ! דער אינגל האָט אַ בייזן בליק געוואָרפן אויף אונדז און אַ צי טוענדיק דאָס פערדל ביים צוים, האָט ער פון צווישן די ציינדלעך ארויסגעסיטשעט: גרינגאָ, רוסאָ! און איז אוועק אין גאַלאָפּ.

— דאָס איז די צוקונפט, דער קומענדיקער אַרגענטינער אידישער דור — זאָגט מיין חבר — די לערערס זיינען שולדיק!

— איך וויים נישט ווער ס'איז שולדיק, צי די שולע, צי די היים.

א געלער „קאמיאָן" איז אָנגעלאָפן מיט א פייפעריי און געשרייען: קאמינאָ! מיר האָבן זיך צעטיילט איןביידע זייטן טערעפלען און אים דעם קאמיאָן געגעבן פלאַץ דורכצופאָרן.

דער שאָפער, א יונגער ברוינער בחור אָן א היטל אויפן קאָפּ, האָט מיטן דורכלויף אונדז אַלס אידן און נאָך שטאָטישע אידן דערקענט, האָט ער אָפּגעשטעלט דעם קאמיאָן און אים גענומען אויף צוריק, ביז אין דעם פלאַץ, אוואו מיר זיינען געשטאַנען און אַ זאָג געטאָן בוענאָס טאַרדעס!

— אידן? קריכט ארויף! איר גייט אין קאָלאָניע אַריין?

מיר האָבן געוויינלעך נאָכן שטאָטישן מאניר אים געדאנקט, זיך גע־קווענקלט: נאָך וואָס — ס'איז דאָך שוין נאָענט מירן צוגיין צו פוס.

דער בחור האָט זיך הילכיק צעלאַכט און האָט אַרויסגעוויזן אַזעלכע געזונטע ווייסע ציין אויף אַ ברכה צו מאַכן.

— הערט אויף מיט אייערע שטאָטישע שטיק — קריכט ארויף און רוט אָפּ די פיס — איר קומט אודאי פונעם סטאַציאָן. נאַט, פּאַרויכערט, ווען מיר פאָרן און ער דערלאנגט א בייטעלע מיט טאבאק, פּאַפּיר און שוועבעלעך. מיר האָבן פאַרויכערט און זיך צערעדט וועגן אַרבעט. מיר זוכן אַרבעט אין פעלד און אַז מיר האָבן אַן אדרעס צו דעם אידן אין דער באַכא.

אַ שמייכל האָט זיך געקרייזלט אַרום די פליישיקע ברוינע ליפּן ביי דעם בחור.

— אַן אדרעס צו דעם אידן אין דער באכא? — וואָס וועט איר ביי אים טאָן? ער דאַרף נישט קיין פרעמדע הענט, ער האָט זיינע צוויי סע־

ניאַריטאַס, וואָס קענען אַרבעטן פאַר צען אַזעלכע שטאָט־אידן ווי איר. נאָר, גיט ער אַ טראַכט — אפשר איצט ביים זייען דעם „מיראַסאָל״ סאָ־ניטשקעס, מעגלעך, מיט אַ רעקאָמענדאַציע זאָל ער איינעם פון אייך געבן אַרבעט.

קריכט אַרויף, איך וועל אייך צופירן — ער וואַוינט אַ פּאָר קילאָ־מעטער ווייט פון דער קאָלאָניע.

ער האָט אונדז אונטערגעפירט ביז נישט ווייט און אַראָפּלאָזנדיק אונדז אַ זאָג געטאָן: — איינעם פון אייך וואָלט איך געקענט געבן אַרבעט, — מיר נעמען זיך מאָרגן רייניקן די אַלפּאַלפּע.

מיין חבר האָט זיך אָנגעכאַפּט דערין: — איכ׳ל פאָרן מיט זיי אין קאָלאָניע אַריין, זיך שטעלן אַרבעטן און דו גיי אַריין צו דעם אידן — דו האָסט דאָך אייגנטלעך די רעקאָמענדאַציע און דעם גרוס צו אים. שבת וועל איך צוקומען צו דיר, אָדער דו צו מיר. מיין חבר איז אַוועקגעפאָרן מיטן קאַמיאָן.

דורך אַ גרין געפּאַרבט טירל בין איך אַריינגעגאַנגען אין דער באַכאַ. אַ יונגעטשקע מיידל איז אין גאָרטן געשטאַנען, האָט מיט אַ ריסקאַל גע־גראָבן די ערד. זי איז שטאַרק פאַרטאָן געווען אין דער אַרבעט, זי האָט מיך נישט באַמערקט. עפּעס ווי דורך אַ כישוף זיינען מיינע אויגן צוגע־וואַקסן געוואָרן צו איר. איך האָב פאַר זיך דערזען אַ שלאַנקע, שוואַרצלעכע מיידל, דעם קאָפּ פאַרבונדן מיט אַ געבלומטע טיכל, אַ קורץ ראָזע קליידל און מיט באָרוועסע פיס, ווי זי שטייט אָנגעבויגן, גראָבט אין דער ערד מיט אַ פעסטער האַנט. שטעלט אַלע מאָל אַרויף דעם באָרוועסן פוס אויפן ריסקאַל, גיט אַ שטופּ דאָס אייזן אויף אַראָפּ און גיט אַ קער איבער די לאָפּעטע ערד מיטן אונטערשטן אויף אַרויף און צעדרויבלט, צעהאַקט די קליינע רידקעלעך אויף דינעם שטויב. קיין טראָפּן שווייס אויף איר פּנים, נאָר אַ רויט, שיין פּנים ווי די זון און זי זינגט זיך נאָך דערביי צו אַ אידיש לידל מיט אַן אַרגענטינער מעלאָדיע.

איך בין געשטאַנען ביים פּלויט, געקוקט אויף דעם האַרציקן געזונטן מיידל און זי מיט מיין בליק געגלעט איבערן קאָפּ. איך האָב אַרומגענומען איר לאַנגן צאָפּ האָר, וואָס איז פון אונטערן טיכל אויף איר אָנגעבויגענע

פּלייצע געלעגן און אים אין געדאַנק געגלעט, צו די ליפּן צוגעטראָגן און געטראַכט: אַזאַ מיידל! סאַראַ גבורה, סאַראַ געזונטהייט „פּונקט” ווי אונ־דזערע מיידלעך וואָס אין שטאָט.

ווי איך וואָלט געוואָלט זען דיין פּנים מיידל, ווי איך וואָלט גע־וואָלט אַריינקוקן אין דיינע אויגעלעך — האָט מיר אַ געדאַנק געקלאַפּט אין קאָפּ.

די מיידל האָט דער אַלטער גאַוטשאָ אַזוי געלויבט: קע מוטשאַטשאַס! קע באָניטאַס — האָט ער מיט די אַלטע ליפּן געצמאָקעט — קע טראַבאַ־באַדאָראַס.

און אַוואו איז די צווייטע מיידל? איז זי אויך אַזוי שלאַנק, פלינק ווי די? און ווער איז די עלטסטע די, צי די צווייטע? כ'לעבן ס'וואָלט נישט שלעכט געווען איינע פאַר מיר און איינע פאַר מיין חבר... ניין. פאַר מיר, פאַר מיר, וואָס גייט מיר אָן מיין חבר? הויב אויף דיינע אויגן, טייערע איך וויל דיך זען, זען דיין פּנים — דער געדאַנק האָט מיר ווי ארויסגעשפּאַרט פונעם מח, איך האָב מיט די אויגן בליקן געשענקט. און מיינע ליפּן האָבן פון זיך אַליין ווי אין אַ תפילה געפּליסטערט: דיינע אויגן מיידל, דיינע אויגן. דאָס מיידל האָט אַפּנים מיין תפילה, מיין געדאַנק דערפילט, זי האָט אויפגעהערט גראָבן, האָט זיך אויסגעגלייכט, האָט אַוועקגעשטעלט דעם זאַסטופּ הינטער זיך און זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין הענטל און מיט די אויגן אַרומגעקוקט דאָס שטיק גאָרטן, די בייט וואָס זי האָט אין גראָבן. אַ פּאָר גרויסע בלויע מאַנדל־אויגן האָבן ווי אַ בליץ געטאָן פאַרביי מיר. זי האָט מיך דערבליקט און ווי אַ יונגע איבערגעשראָקענע הירשן, האָט זי אַ שפּרונג געטאָן אין אַ זייט און זיך געלאָזט לויפן צום שטוב.

— בוענאָס טאַרדעס סעניאָריטאַ — וואָס האָט איר זיך דערשראָקן, וואָס לויפט איר?

די מיידל דערהערנדיק אידיש ריידן איז זי שטיין געבליבן, האָט אָנ־געהויבן שמייכלען און ציענדיק דאָס קליידל אויף אַראָפּ, ווי פאַרשעמט, האָט זי דעם קאָפּ אויך אַראָפּגעלאָזט און אַ פרעג געטאָן — וועמען זוכט איר?

— איך האָב א בריוו צו אייער פּאפּא, פון זיינעם א ברודער אין שטאָט, — איך זוך אַרבעט אין פעלד.

די מיידל האָט אויפגעהויבן די אויגן און מיך באַטראַכט. א לייכטער שמייכל האָט זיך געוויקלט אַרום אירע אָפענע ליפּן, באַטראַכטנדיק אַפּנים מיינע ווייסע הענט מיט די מאָגערע פינגער, דעם אויסגעדאַרטן שטאָט בחור, וועד ס'זוכט אַרבעט אין פעלד... איך האָב דערפילט איר מחשבה און די בושה האָט מיך באַוואַשן. איך בין שוין געווען גרייט אוועקצולאָזן זיך, פלוצים האָט זיך פון הינטער אונדז דערהערט א זיסע מיידלשע שטי־מע וואָס האָט געפרעגט:

— דבורה! וואו האָסטו אוועקגעלייגט די סעמיזשא פון ספּינאַקאַ?

און באַלד איז טאַקע אויסגעוואַקסן פאַר אונדז א מיידל מיט א גראַב־ליע אין דער האַנט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז די צווייטע מיידל, די שוועסטער, וואָס דער אַלטער גאוטשאַ האָט אַזוי געלויבט און כ'האָב מיינע אויגן אויף איר אויפגעהויבן. אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, זיך צונויפגעגאָסן — איך מעג עס זאָגן — אויב ס'איז אפילו אַזא אויס־דרוק נישט פאַראַן: אונדזערע בליקן האָבן זיך גלייך צוקושט...

איך האָב דערפילט ווי איר בליק גיסט זיך מיר אַריין אין האַרץ און ס'טאַנצט, ס'זינגט אין מיר די נשמה.

שפּעטער מיט א שטיקל צייט, ווען מיר האָבן זיך שוין אונדזערע געפילן איינס דאָס אַנדערע איבערגעגעבן, האָט זי מיר דאָס זעלבע דער־ציילט, אַז מיט די ערשטע בליקן האָט זי איר בענקעניש געפונען.

— פּאַפּאַ, האָט די ערשטע מיידל אַ רוף געטאָן.

א הויכער געזונטער איד מיט אַן אָפּגעסמאַליעטן פּנים פון ווינט און זון, מיט א געדיכטער באָרד, אָן א רעקל אויפן לייב און צוויי גלעלע שטיוול, איז צוגעקומען א קוק געטאָן אויף מיר און אויסגעשטרעקט די האַנט — שלום עליכם!

מיך אַריינגעבעטן אין שטוב און אין מיטן גיין פונעם גאָרטן ביז צו דער שטוב, ענטפערנדיק דעם געזונטן אידן אויף א פּאָר פראַגן, וואָס ער האָט מיר געשטעלט, איז מיין באַשלוס שוין פעסט געווען: בלייבן אַרבעטן ביי דעם אידן פון דער באַכא אויף וואָס פאַר א באַדינגונגען ס'זאָל נישט

זיין, און אזוי איז עס געווען, איך בין פאַר גאַר א קליינעם לוין געבליבן ארבעטן אין דער טשאקרע, די „באַכאַ״, אונטערן אויפזיכט פון די צוויי מיידלעך, וואָס האָבן מיך געלערנט די הערלעכע כשרע, שווערע ארבעט: אגריקולטור. איך האָב דערלערנט און בין צופרידן געווען מיט דער לערע ווי מיטן רבין און איך קען עס איצט פעסט זאָגן: וויפל ערלעכקייט, גאַנצקייט און פשטות ס׳איז דאָ אויף דער וועלט. ליבע און געשמאַק צו דער ערד־ארבעט אָן שום פניות — האָב איך אין דער משפחה, וואָס האָט באוואוינט די באַכאַ געפונען, און אלעם וואָס מיינע אויגן האָבן געזען און מיין הארץ האָט געפילט, האָב איך פאַרנאָטירט, געזאמלט אַביסל שטאָף פאר מיין חבר דעם פּאָעט. זאָל ער עס אויפשרייבן אויף פּאַפּיר, זיי האָבן עס די ווערט, די מענטשן פון טאָל.

# פאַסטוכער

מיר האָבן געהאַט אַ רויט־בייכיקן פערד — דער „גילגול“, האָט אים די מאַמע אַ נאָמען געגעבן. זי האָט געזאָגט: אַז אין דעם רויטן איז מגולגל געוואָרן די נשמה פון דעם שלעכטן יאָסי פון זייער שטעטל.

אויף דעם גילגול פלעגן מיר רייטנדיק, איך מיט מיין שוועסטערל זינאַ ארויסטרייבן פּאַשען אונדזערע פי צו דער אָזשערע, וואו ס'האָט גע־וואקסן הויכע טשערעט און גרינער ווייכער טרעבאַל, וואָס די בהמות האָבן זייער ליב געהאַט צו עסן. ער איז געווען אַ פולער פערד, דער „גילגול“. מיט אַן אייזערנע וואריזשאַ פלעגן מיר אים שלאָגן און ער האָט געשוויגן. ער פלעגט נאָר מיט דער אונטערשטער אראָפּהענגענדיקער ליפּ שאָקלען, ווי איינער זאָגט, שלאָגט, שלאָגט, ס'קומט מיר...

דאָרט ביי דער אָזשערע איז געווען אונדזער וועלט. מיר פלעגן אויפ־קלויבן וואו אַ שיין פעלד־בלימעלע, אַלערליי פויגל־אייערלעך, פון פאַרשי־דענע קאָלירן: ווייסע, רויטע, גרינע, געשפּריצטע, שוואַרצע, וואָס מיר פלעגן זיך שפּיגלען אין זייער גלאַנץ. מיר האָבן אויך געפונען גרויסע זעקס אייער פון די שטרויס־פויגל און אַ פּאָר העמדלעך פון אַ שלאַנג. מיר האָבן ביים אָנטרעפן זיי, זיך אביסל דערשראָקן, געמיינט, אַז ס'זיינען לעבעדיקע שלענג. מיר האָבן אַזוי אַרום אָנגעקליבן אַ גרויס פאַרמעגן... און זייער פיל געטראַכט וואו עס צו באַהאַלטן, ביז מיר האָבן זיך דערטראַכט: אין דער וואַנט, אין זוים פון דער אָזשערע האָבן מיר אַ טיפן גרוב אין פאָרם פון אַ באַק־אויוון אויסגעגראָבן און דאָרט אונדזער אוצר באַהאַלטן.

באַטאָג, ווען ס'איז געווען הייס, פלעגן מיר נאַקעטערהייד אומקריכן

אין וואַסער צווישן טשאַרעט זוכן די אייער פון די ווילדע קאַטשקעס, וואָס פלעכטן זיך זייערע נעסטן אויף דער אויבערפלאַך פונעם וואַסער פון איין טשאַרעט צום צווייטן. דער בושעל מיט די רויטע פיס, די רויטע פלאַמענקע מיטן קרומען שנאָבל, זיינען מיט אונדז חבר געווען, פלעגן זיך פליוסקען אין וואַסער גלייך מיט אונדז און זוכן מיט זייערע שנאָבלען ווערים, קליינע זשאַבקעלעך — מיר האָבן איינס ס'אַנדערע נישט געשטופט. ווען מיר זיינען הונגעריק געוואָרן, פלעגן מיר זיך נעמען צו דער „מולע־טא", די פאַסטוך טאָרבע. אהין האָט די מאַמע פאַרזאָרגט ברויט באַ־שמירט מיט פוטער, אַ פּאָר אייער און פיר שטיקלעך צוקער. ס'איז געווען אַזוי גוט אַ מחיה...

אמאָל פלעגן מיר ליב האָבן אַרויפצוקריכן אויפן „פאַלאַמאַ", אַן אַל־טער ווייסינקער שטילער אָקס, מיר פלעגן זיך אויפשטעלן אויף אים און אויסקוקן אין דער ווייט.

פאַרנאַכט פלעגן מיר ליב האָבן זיך צו לייגן אויפן בויך, קוקן אהין עט, עט ווייט, אין עק הימל, וואו די גרויסע רויטע זון גייט זיך באַהאַלטן און שיט אָפּ דאָס פעלד מיט גאָלדענע נאָדלען, צינדט אָן דעם טשאַרעט מיט רויטן, גרינעם פייער, אַזוי שיין, אַז ס'פלעגט אונדז משוגע מאַכן פאַר פרייד. מיר פלעגן זיך אַרומנעמען און טאַנצן, זיך קושן אָן אַן עק.

— דו ווייסט וואו די זון גייט איצט אַוועק? — זאָגט צו מיר איין מאָל מיין שוועסטער זינאַ.

— זי גייט שלאָפן זאָג איך — זי איז מיד פון אַרומגיין אַ גאַנצן טאָג אין פעלד.

— ניין, ניין, דו ווייסט גאָרנישט — די זון שלאָפט קיינמאָל נישט. כ'האָב איינמאָל פאַרנאַכט געטראָפן די מאַמע ווי זי שטייט, קוקט צו דער פאַרגייענדיקער זון, רעדט און די טרערן קאַפּען ביי איר פון אויג.

— צו וועמען רעדסטו מאַמע, און וואָס וויינסטו?

— איך רעד צו דער זון — זאָגט זי מיר — איך בעט זי, זי זאָל אָפּגעבן אַ גרוס צו מיינע טאַטע און מאַמע דאָרט אין שטעטל, פון יענער זייט ים.

און די מאַמע האָט מיר דערציילט, אַז די זון, ווען זי גייט אַוועק פון

אונדז לאָזט זי זיך אראָפּ אויפן דנאָ פונעם ים, דאָרט, וואו דאָס אייביקע פייער איז איינגעשלאָסן... דאָרט נעמט זי זיך אָן מיט ליכט און וואַרעמ־קייט, גייט דורך יענע זייט וועלט, מיט אַלע שטעט, פעלדער, דערפער, שענקט זיי אַלע איר ברכה, זאָלן קענען וואקסן און קומט מיטן טאָג צוריק צו אונדז. אזוי דרייט זי זיך ארום כסדר און ווערט קיינמאָל נישט מיד. אָט אַזוי פלעגן מיר ביידע, איך מיט מיין שוועסטערל פּאַשען די פּי, זיך שפּילן און אַלץ קלויבן די ווילדע פעלד־אנטיקן און פאַרגרעסערן אונדזער אוצר ביז, ביז...

אין א נאכט האָט זיך צעבייזערט דער „פּאמפּערא", א שטורעם רעגן, א מבול האָט אָנגעפּילט די אָזשערע. די וואסערן האָבן זיך אויפגעהויבן איבער די ברעגעס און האָבן פאַרפלייצט אונדזער אוצר. אוים! נישטאָ מער דער גאַנצער רכוש.

די מאַמע האָט געזאָגט — אַ מצוה אויף אייך: מ׳טאָר נישט זאַמלען און באהאַלטן, מ׳דאַרף זיך טיילן מיט חברים, מיט חברטעס.

דאָס שוועסטערל איז קראַנק געוואָרן פאַר צרות און מער האָבן מיר שוין נישט געפּאַשעט די פּי.

ס׳האָט זיך גענעפנט די קינדער שולע, זיינען מיר ביידע אויפן „גילגול" אין שולע אריינגעפאָרן.

